# GLOYBNDIK IN OYFKUM FUN MEDINES YISROEL :

Gershn Minkovitsh

•



גרשון מינקאָוויטש



# גלויבנדיק אין אויפקום פון מדינת ישראל

(געקליבענע שריפטן)

האַוואַנאַ, קובאַ – 1952 הבנה, קובה - תשי"ג

גרשון מינקאָוויטש

# גלויבנדיק אין אויפקום פון מדינת ישראל

(געקליבענע שריפטן)

האַוואַנאַ, קובאַ – 1952
הבנה, קובה – תשי״ב

## פון מחבר:

אָנהויבנדיק פון דעם יאָר 1947, האָב איך געהאַט דעם זכות מיטצואַרבעטן אין די פאַרצווייגטע אַקטיוויטעטן פון דער ציוניסטישער פאַראייניקונג אין קובאַ.

פאַר דער צייט פון מיין אַרבעט, פאַרנעם איך דעם אַמט פון עקזעקוטיוו - דירעקטאָר פון די קרן היסוד ישראל קאַמפּיינען און ישראל באָנד הלואה.

מיך איז אויסגעקומען צו באַזוכן אין די אינטערעסן פון וויכטיקע ישראל אַרבעטן פינף מאָל דעם גאַנצן אינזל און איך האָב געהאַט אַ געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט יעדן אידן באַזונדער, סיי פון האַוואַנאַ, סיי פון די פּראָווינצן.

מיך איז אויסגעקומען צו אָנפירן מיט דער טעגלעכער ראַדיאָ-שעה ביי דער ציוניסטישער פאַראייניקונג און פּערמאַנענט מיטאַרבעטן אין דער לאָקאַלער אידישער פּרעסע און אַנדערע פּעריאָדישע לאָקאַלע אויסגאַבן.

אין דער בראָשור קלייב איך צונויף אַ טייל פון מיינע פאַרעפנטלעכטע אַרבעטן, וועלכע גיבן אומדירעקט אויך אַ איבערבליק איבער די ציוניסטישע אַקטיוויטעטן אין קובאַ און טראָגט עס צו ווי אַ מתנה צו די חברים־ות פון דער ציוניסטישער פאַראייניקונג אין צייכן פון פאַרערונג און אומבאַגרענעצטער פריינטשאַפט.

# ארץ ישראל אין קאַמף

(פאָרוואָרט)

די קאַנאָנאַדע פון דער 2-טער וועלט מלחמה איז שטיל געוואָרן — אַ אַטעם פויזע אין דער מענטשן שחיטה.

די פעלקער זיינען אויסגעמאטערט. מאַיעסטעטען הערשער האָבן נאָכגעלאָזן, אַ אָטעם פויזע געמאכט און אַ פורים שפּיל איינגעאָרדנט.

דער עולם האָט אַ יובל געטאָן, מען האָט זיך געהאַלזט, געקושט. טרערן פון פרייד האָבן געגלאַנצט אין פילע, פילע אויגן.

בשורות פריילעכע האָבן זיך געטראָגן איבער די טעלעפאָנען און טעלעגראַפן דראָטן: מאַמע — כ׳בין גאַנץ! שוועסטער — כ׳בין לעבן געבליבן! מיין ליבע — כ׳בין ניט פארהזאונדעט! פאָטער — כ׳קום אין גיכן!

די זון, לבנה, די בלויע הימלען און פינקלדיקע שטערן, דער בלויער ים און דער צאַרטער גלעטנדער ווינט, האָבן אָנגעהויבן היילן די וואונדן פון דער וועלט שחיטה. טרוימער האָבן זייער טרוים פון שלום און גערעכטיקייט אָנגעהויבן צו שפּינען.

דאָס פאָלק טאַנצט נאָך, פאַרלעך קושן זיך, מוזיק שפּילט זיס, קלאַנגפול און ס׳פלאַקערן שוין נייע פייערן!

דער מאָדר שפּיל גייט אָן ווייטער.

מיר די אידן זיינען די לעבעדיקסטע עדות פון דעם קאַמפּס שפּיל.

מיד זיינען אַלעמאָל געווען דער סימבאָל פון אָנגעריירטן פרידן. דער ערשטער שאָס פלעגט צילן אין אונדזער ברוסט.

איז אַ איד געטאָלן, איז אַ אידן שחיטה פאָרגעקומען, האָט עס געהייסן אַז די בייזע גייסטער זיינען דאָ מיט אַ בלוט דראַמע פאַר דער מענטשהייט.

די טראַגעדיע מיטן אידישן פאָלק, דאָס ניט קאָמפּענסירן זיינע גערעכטע טענות באַלד נאָך דער צווייטער וועלט־קריג, האָט שוין אָנגעזאָגט דעם נייעם קריג.

טרעמבלינקא, אָשווענטשים, מאַידאַנעק, דאַכאו, דאָס איז דאָך די וועלט טראַגעדיע, ניט נאָר פאַר די אידן.

די אידישע טראַגעדיע, די לאַגערן און די אידישע וואַנדערער זיינען געוואָרן דער סימבאָל פון ניט דערפילטן וואונטש פאַרן שלום.

די קריג גייט אָן ווייטער.

די אידן שטייען בראש פון די קעמפנדע מיט די פינסטערע כוחות.

דער נאַציזם, פאַרמאַסקירט האָט זיך איבערגעטראָגן נאָך ארץ שראל. דער מופטי, די קאַאוקאַדזשים, נאַצי־אַגענטן, פילן אויס ווייטער די שוואַרצע אַר־בעט פון געהיימע פּלענער.

די וועלט קוקט צו שוין אַ לענגערע צייט צו דעם אַלעם.

זיצונגען, פּאָליטישע אינטריגעס, לאַ יוצלחדיקע רעדעס, אומבאַהאָלפענקייט, פּאָליטישע כיטרעקייט אויף די זיצונגען און צוזאַמענקונפטן פון די וועלט פאָרשטייער, עטלעכע מאָל בייטן די מיינונגען אין אַ קורצער צייט, צייגן די ניט ערלעכקייט און די אמתע כוונות.

מיליאָנען אומגעקומענע אָבער מאָנען!

צעפלאַקערט זיך העל רויט דער מזרח.

ווערט ארץ ישראל פאַרביטן אין אַ פּלאַץ פון שלאַכט.

דאָ איז דער לעצטער פּונקט, וואו ס'האָט דערגאַנגען אַ פאָלק אין זיין וואַנדער־וועג. קיין וועג צוריק!

מיר הערן אייך נים! ניט איר וועט באַשליסן אונדזער גורל! — הערט זיך דער קאַמפס אויסגעשריי פון ארץ ישראלדיקן ישוב און דעם אויסגעשריי באַגלייטן די אַקאָמפּאַנימענטס אויסגעשרייען פון די גאַנצער אידן און אידן פון דער גאַנצער וועלט.

שלום זוכנדע פעלקער און ערלעך דענקענדיקע מענטשן האָבן זיך באַהאָפטן צום קאַמף פון אידישן פאָלק.

און, אָדער ס'וועט די גערעכטיקייט זיגן, אָדער די נייע וועלט שחיטה איז פאַרטיק.

מיר שטייען אין וועלט צענטער פון אויפמערקזאַמקייט.

די אויפמערקזאַמקייט קומט צו אונדז, ניט ווייל מיר געפינען זיך אין אַ אומקומס פייער, נאָר ווייל מיר גרייפן אָן.

דאָס אידישע פאָלק גרייפט אָן, איבעראַל פון אַלע ווינקעלעך וואו ער געפינט זיך נאָר.

דער קאַמף פון ארץ ישראלדיקן ישוב און פון גאַנצן אידישן פאָלק ביים יעצטיקן מאָמענט, איז די פאָרזעצונג פון קאַמף קעגן נאַציזם מיוול אין אַלע זיינע געשטאַלטן, וועלכן דאָס אידיש פאָלק פירט שוין אזוי לאַנג.

17 מערץ 1948

# ר׳ יחזקאל׳ס טענות

(אין 1948 איז פאָרגעקומען אין האוואנא אַן אַלוועלט־לעכע האנדלס - קאָנפערענץ און פאַר דער קאַפּיטאַליאַ האָבן געפלאַטערט די פאָנען פון אַ רײ מלוכות).

●

אַנומלט באַגעגן איך דעם האַרציקן ר׳ יחזקאל נעבן דער קאַפּיטאָליע, ווי ער שטייט און קוקט זיך צו צו די פלאַטערנדע פענער.

— אַ גוטער מאָרגן אייך, ר׳ יחזקאל, וואָס טוט איר דאָ? — האָב איך מיך אָפּגעשטעלט און דערלאַנגט אַ האַנט דעם אַלטן האַרציקן זקן. איך האָב אים ליב, דעם אַלטן און קען גלייכגילטיק פאַרבײַ אים ניט אַדורך.

— אַ! — האָט ר׳ יחזקאל דערזעענדיק מיך נעבן אים אויסגערופן.

— גוט, גוט וואָס דו בינסט טאַקע דערנעבן! אָט ווייז מיר זונעניו, וואו איז עס אונדזער פאָן דאָ, די אידישע ווייס־בלויע פאָן, צווישן די אַלע פענער? עפּעס האָבן מיר דאָך שוין אַן אייגענע אידישע מלוכה און כ׳לעבן, זאָלסט מיך געזונט זיין, כ׳קען ניט געפינען דאָ אונדזער פאָן.

— אוי, זיידעניו! — זאָג איך צו אים — מ׳האָט טאַקע באַשטימט אין דער „אָנו" צו געבן אונדז די אידישע מלוכה. אָבער ס׳איז נאָר אַ באַשלוס וועלכן מ׳דאַרף נאָך ערשט רעאַליזירן. ס׳מוז נאָך נעמען אַביסל צייט!

— פאַקטיש — זעץ איך פאָר מיין הסבר — האָבן מיר שוין לאַנג אַליין באַשטימט אונדזער מלוכה. אָט איר זאָגט דאָך דריי מאָל אין טאָג ביים דאַווענען „ותחזינה עינינו בשובך לציון ברחמים". שפּעטער האָבן אונזערע זין און אייניקלעך, וועלכע זיינען געפאָרן נאָך ארץ ישראל, אָנגעהויבן אַליין פאַרווירקלעכן ממש מיט די הענט דעם טרוים אייערן און די מלוכה איז שוין לאַנג געשאַפן. אָבער ביז מען וועט אונדז ענטגילטיק אָנערקענען, וועט נאָך נעמען אַ שטיקל צייט. דאַן וועט שוין דאָ פלאַטערן, צווישן אַלע פענער, אויך אונדזער ווייס־בלויע פאָן, זיכער, זיכער וועט זי דאָ פלאַטערן!

— הערסט, זאָלסט מיך לעבן — האָט ר׳ יחזקאל געזאָגט — אַבי זייענדיק אין אידישן צענטער אויף דער פאָלקס־פייערונג און אויסהערנדיק אַלע רעדנער האָב איך שוין געמיינט, אַז ס׳איז שוין פיקס־און־פאַרטיק מיט אַלעמען! וואָרום דערנאָך האָבן זיך ביי מיר אין הויז, ביי מיינע איידעמס און שנירס, אָנגעהויבן שמחות אויף שמחות! און אַלעס לכבוד דער אידישער מלוכה. אַזעלכע באַנקעטן, וואָס עין לא ראתה! דאָס זעלבע אויך ביי מיינע שכנים און אַלע איבעריקע! הייסט עס אַז מען דאַרף נאָך גוט אַריינאַרבעטן און טאַקע גאַנץ שטאַרק, אפשר שטאַרקער ווי ביז איצט, בכדי צו רעאַליזירן דעם באַשלוס פון דער „אָנו". איז וואָס־זשע הערט זיך איצט אין ארץ ישראל?

כ׳האָב געזאָגט פאַר דעם ליבן ר׳ יחזקאלן, אַז אין לאַנד טומלט זיך אַביסל, אַז די אַראַבישע אָנפירער זיינען ניט צופרידן מיטן באַשלוס פון דער „אָנו" און העצן די אַראַבער, עס פאַלן דערווייל אידישע קרבנות.

— אזוי! אזוי! — האָט ר׳ יחזקאל געשאָקלט מיטן קאָפּ און אָנקוקנדיק מיך מיט זיינע קלוגע אויגן פאַרגעזעצט, — איז וואָס-זשע זיצן מיר דאָ מיט פארלייגטע הענט? וואו איז דער הייסער ברענענדער ציטער, וועלכער האָט גע־דארפט ארומכאַפּן אלע קובאנער אידן, וועלכע האָבן זיך גערדאַרפט אריינוואַרפן מט ברען און נייעם אימפעט אין די ציוניסטישע ארבעטן?

— אָט האָב איך געהערט — האָט ר׳ יחזקאל געזאָגט — אז צו די לעצטע וואלן אין דער ציוניסטישער פאַרייניקונג, זיינען נאָר געקומען 67 מיטגלידער. וואָס מיינען זיי, די האוואנער אידן, זיי וועלן זיך באנוגענען מיט די פאָר דאָלער, וועלכע זיי גיבן פאר קרן קימת און קרן היסוד? עפּעס האָט געדאַרפט קומען אזא מין התעוררות פון גאנצן צבור אונדזערן, דער ציוניסטישער בית־עם האָט געדארפט אויפברויזן און אויפלעבן פון אָנגעשטרענגטער ארבעט! אלע וואָלטן זיך געדארפט רעגיסטרירן אין דער ציוניסטישער פאַרייניקונג! און איך האָב געהערט, אז דערוויילע האָט זיך נאָר אָפּגערופן איינער אזא תושב פון האוואנא, וועלכער האָט זיך געקלאָפּט חטאתי און איינגעצאָלט פאר 25 יאָר מיטגלידס־אָפּצאָל אין דער ציוניסטישער פאַרייניקונג, וואו ער האָט ביז איצט ניט פיגורירט אלס מיטגליד, איז וואו-זשע איז דער „חטאתי" פון די איבעריקע? ניט אנדערש ווי איך, דער אלטער ר׳ יחזקאל, וועל זיך מוזן נעמען צו דעם!....

פארקלערנדיק זיך א ווײַלע, האָט דער אלטער, אָנקוקנדיק מיך מיט זיינע קלוגע אויגן געזאָגט:

— ווי כ׳האָב געהערט, בינסטו באקאנט מיטן רעדאקטאָר פון „האוואנער לעבן", גיי־זשע צו אים און בעט אין מיין נאָמען, ער זאָל איבערגעבן מיין ווּאונטש צו אלע ליבע הארציקע קובאנער אידן, זיי זאָלן קודם כל רעגיסטרירן זייער אָנגעהעריקייט צו דער ציוניסטישער פאַרייניקונג און דאַן זיך אריינ־וואַרפן מיט ברען, מיט אידישן ברען, פאר דער ארבעט צו העלפן רעאליזירן דעם באשלוס פון א פרייער אידישער מלוכה אין ארץ־ישראל. וואָרום ווער ווייסט זיי מוחל זיין זייער שטיין איצט פון דער ווייטן?

טריי מיין צוזאָג, וועלכן כ׳האָב געגעבן ר׳ יחזקאלן, גיב איך איבער דאָ זיין ווּאונטש און איך גלויב, אז ער וועט האָבן דעם געהעריקן אָפּקלאַנג.

28 יאַנואר 1948

## צו גאַסט ביי ר׳ יחזקאל׳ן

דעם אַלטן ר׳ יחזקאל קען שוין אפילו מיין סימפּאַטיש העפלעכע קובאַנער באַלעבאָסטע.

— דער זיידע רופט צום טעלעפאָן — זאָגט זי אָן, ווען ר׳ יחזקאל רופט מיך אָפּ.

דאָס מאָל בין איך איבערראַשט געוואָרן, ווען אָנשטאָט צו דערהערן אין טעלעפאָן דעם קול פון ליבן הארציקן זקן, האָב איך דערהערט גאָר די שטים פון זיין אַלטיטשקער חנה.

איבערראַשט האָב איך געפרעגט, וואָס איז מיטן אַלטן? די באָבע חנה האָט מיך בארואיקט און אָנגעזאָגט, אַז ר׳ יחזקאל פילט זיך אביסל ניט מיט אַלעמען און זיי בעטן מיך אומבאדינגט צו קומען היינט פריער אביסל צו מיין שטענדיקן וויזיט, וועלכן כ׳שטעל אָפּ יערן פרייטיק די הארציקע לייט.

כ׳האָב שנעל גענומען די גואגווע און געפאָרן אין אַלט-האַוואַנא, וואו ר׳ יחזקאל האָט זיין באשיידענע אַלטע דירה.

כ׳האָב דעם אַלטן געטראָפן אין בעט אונטערגעשפּארט מיט צוויי קישנס. זיין גרויע באָרד האָט זיך, דוכט מיך, פאר די עטלעכע טעג וואָס כ׳האָב אים ניט געזען, אזוי ווי נאָך מער פארגרויט. די קנייטשן אויפן גרויסן שטערן, ווי בולטער געוואָרן. די אויגן נאָר האָבן געקוקט מילד און רואיק און ווי אַ פלעמל האָט געצונדן אין זיי. נעבן בעט זיינען געווען אָנגעשטעלט פלעשלעך פון מעדיצין, פון וועלכע די דירה איז ווי ענגער נאָך געוואָרן.

נעבן בעט איז געזעסן די באָבע חנה, מיט אַ ווייסן קאָפּ-טיכל און סיצע־נעם קלאָרן פּארטוך.

אויפן טיש האָבן געברענט שבת־ליכט, אין מעשענע לייכטערס, געבראַכטע נאָך פון פוילן. נעבן די לייכטערס זיינען געלעגן צוויי גרויסע שבת חלות, איבערגעדעקטע מיט אַ אויסגענייט טישטוכל.

די עלעקטריע האָט ניט געברענט (שבת צינדט ר׳ יחזקאל אין שטוב ניט אָן די עלעקטריע). אין שטוב איז געווען אַזאַ מין האַלב־טונקלקייט און די קדושה פון שבת האָט זיך צעלייגט אין יעדן ווינקעלע.

ר׳ יחזקאל האָט זיך דערפרייט מיט מיין קומען און דערציילט, אַז זייט זיין ״שמועס מיט מיר נעבן דער קאַפּיטאָליא, וואו כ׳האָב אים דערציילט וועגן די נייע אומרוען אין ארץ ישראל און די פרישע קרבנות וואָס פאַלן, פילט ער ניט אַמבעסטן און אין די נעכט שלאָפט זיך אים ניט.

די ערשטע פראַגע איז געווען, ווי האַלט עס מיט דער לאַגע אין ארץ ישראל? כ׳האָב געמוזט דערציילן דעם אמת.

— אַזוי — האָט ר׳ יחזקאל געזאָגט — די אומרוען האַלטן אָן און דער צעטל פון די אידישע קרבנות וואַקסט.

נאָכן אינפאָרמירן וועגן דער לאַגע אין ארץ ישראל, האָט ר׳ יחזקאל געפרעגט, ווער האָט איבערגענומען די פּרעזידענטשאַפט פון דער ציוניסטישער פאַרייניקונג, נאָכן אָפּפאָרן פון ה׳ זילבער קיין אמעריקע?

כ׳האָב אינפאָרמירט ר׳ יחזקאלן וועגן דער לאַגע אין דער ציוניסטישער פאַרייניקונג און וועגן אירע אַקטיוויטעטן וועלכע זי פירט יעצט אַדורך.

דער זקן האָט מיר צוגעשמייכלט, און ער האָט צוגעגעבן:

— ווי כ׳זע רודערט זיך צו ביסלעך! כ׳זע אַז מיין רוף האָט יאָ געפונען אַ אָפּקלאַנג, אָבער שטאַרקער, שטאַרקער, אינטענסיווער, דאַרף עס זיין!

איך האָב געזען, אַז נאָך פיל פראַגן האָט ער צום פרעגן, אָבער די מידקייט האָט אים באַהערשט.

די ליכט האָבן געצאַנקט, זיך געשמאָלצן און אָנגעהויבן זיך אויסלעשן. די פייערלעך האָבן פאַרן אויסלעשן, זיך ווידעראַ אויפגעהויבן און אָנגעהויבן צו זשוזשען, צעשפּריצנדיק דערביי דעם חלב אויפן ווייסן טישטוך. די פינסטער־קייט האָט זיך צעלייגט איבערן צימער. דורך דער פענסטער האָט אריינגעקוקט אַ קיילעכדיקע פולע לבנה...

די זילבערנע האָר פון ר׳ יחזקאלס באָרד האָבן ווי באַלויכטן דעם צימער. ס׳איז אַזוי היימלעך וואַרעם דאָ געוועזן. מיך האָט זיך געדוכט, אַז כ׳בין ביי מיין זיידען און באָבען, וועלכע איך האָב ניט געהאַט דאָס גליק קיינמאָל צו קענען.

איך האָב זיך שטיל אויף די שפּיץ־פינגער ארויסגעשאַרט פון שטוב בכדי ניט אויפצוּוועקן דעם זקן, וועלכער האָט איינגעדרימלט אין אַ רואיקן, זיסן, שבתדיקן דרעמל...

11 פעברואַר 1948

# אויף אַ שמחה ביי ר׳ יחזקאל׳ן

דאָס מאָל בין איך איינגעלאַדן געוואָרן צו ר׳ יחזקאלן אויף אַ געבורטס־פייערונג פון זיין אייניקל, וועלכער איז געבאָרן געוואָרן אין ישראל ביי זיין זון, וועלכער וואוינט אין אַ מושב עובדים.

די שמחה איז געווען איינגעאָרדנט אויף אַ אידישן, באַשיידענעם אופן.

— גלויב מיר — האָט געזאָגט ר׳ יחזקאל — כ׳וואָלט זיך געקענט ערלויבן איינאָרדענען די שמחה מיט אַ ברייטער האַנט, אָבער ניטאָ קיין צייט איצט דערפאַר. אין ארץ ישראל איז די לאַגע אַזוי אָנגעשטרענגט, ווייל איך בעסער די עטלעכע הונדערט דאָלער וואָס כ׳שפּאָר איין, איבערגעבן דעם קרן קימת לישראל, זאָל זיין נאָך אַ דונאַם באָדן!

פאַרטראַכטנדיק זיך אביסל, האָט ער צוגעגעבן:

— אפשר וועט דער ניי־געבאָרענער פּונקט אויף דעם דונאַם באָדן, שטעלן אין דער צוקונפט זיין ערשטן טראָט און דורך דעם פאַרזיכערן זיין צוקונפט...

די שמחה האָט זיך שוין געהאַט געענדיקט. די געסט האָבן צוביסלעך אָנגעהויבן זיך פונאַנדערגיין און עס איז צוגעפאַלן דער פאַרנאַכט.

ר׳ יחזקאל׳ זייענדיק מונטערלעך פון די עטלעכע כוסות, וועלכע ער האָט אויסגעטרונקען, איז געווען פאַרטראַכט די גאַנצע צייט. עס איז קענטיק געווען, אַז ער טראַכט וועגן עפּעס פאַרגאַנגענעם. עס האָט ניט גענומען לאַנג און ר׳ יחזקאל האָט זיינע געדאַנקען ארויסגעבראַכט:

— אָט זע — זאָגט ער צו מיר — איך האָב אמאָל געוואוינט אויף גענשאַ גאַס אין װאַרשע. געווען אַ איד אַ סוחר. אַ חוץ דעם זון וועלכער לעבט אין ישראל, האָב איך נאָך צוויי זין געהאַט. איך האָב זיי געלערנט, זיי זיינען געווען פּייאַיקע. איך האָב זיי פאַר סוחרים געמאַכט, און זיי זיינען געווען גוט סיטואירט. אָבער וועגן דער צוקונפט פון אידישן פאָלק האָבן זיי שלעכט געדענקט. דער עלטערער זון מיינער איז געווען פרום און געדענקט, אַז ארץ ישראל וועט אויסגעלייזט ווערן דורך משיחן. זיין פּאַרטיי, וואו ער האָט געהערט, די אגודת ישראל, האָט אין אירע רייען געציילט פיל, פיל אָנהענגער און ניט סתם אידן, נאָר די שווערע אינדוסטריעלער און סוחרים. איז וואָס האָט מען ניט געטאָן, כדי צו שטערן דעם אויפבוי פון ארץ ישראל! מען האָט ערקלערט פאַר פושעי ישראל די חלוצים, די הסתדרות און דעם גאַנצן ציוניזם. איך האָב צו מיין זון געטענהט: אויב אַ זון אָדער אַ טאָכטער פאָרט קיין ארץ ישראל צו לעבן און שטאַרבן, איז דאָך שוין זייער זכות אַ גרויסער! און ווער ווייס, צי זיי וועלן ניט זיין די הויפּט־מחותנים אין גן־עדן!.... אָבער ניט געקענט אים בשום אופן איבערצייגן.

זיי האָבן געבויט ישיבות, קהלות, בתי מדרשים און פיל אַנדערע אנשטאַלטן אויף דער פּוילישער ערד; געמיינט, זיי זיינען דאָ גלייכע מחותנים מיט אַלעמען צו־גלייך. פאַרן ציוניזם האָט מען ניט אַריינגעטאָן קיין פינגער אין קאַלט וואַסער. מען האָט געוואַרט ביז משיח וועט קומען צו רייטן אויפן ווייסן פערד... מען האָט התונות געפּראַוועט, קינדער געבוירן, אייניקלעך דערלעבט — און

דער לעבן איז זיך שטיל געפלאסן, צוגרייטנדיק דעם צוקונפטיקן חורבן...

דער צווייטער זון מיינער, א איד א חכם, שוין אביסל ניט אזוי פרום, האט זיך געהאלטן גאר ביי אן אנדער טעאריע. צי וואס ארץ ישראל? צי וואס אויפרייצן די געמיטער פון די פעלקער, וואו מיר זיינען בירגער? און ער איז א גוטער בירגער געווען. אי, א גוטער בירגער! ביי יעדער געלעגנהייט האט ער זיין פאטריאטיזם ארויסגעוויזן. ביי א אינערלעכער מלוכה הלוואה פלעגט ער געבן מער ווי די מעגלעכקייטן זיינע. גערעדט האט ער מערסטנטייל אויף א גוטן פוילישן לשון, מיט אן עכט פוילישן אקצענט. די קינדער זיינע האט ער געשיקט אין פוילישע גימנאזיעס. האט זיך מיט לייב און לעבן געריסן אין דער פוילישער געזעלשאפט, פלעגט פראווען אחוץ די אידישע יום־טובים, אויך אלע קריסטלעכע ימים־טובים. געהאט פיל געזעלשאפט צווישן דער פוילישער באפעלקערונג. אפט־מאל, ווען זיי פלעגן זיך צונויפקומען צו אים אויף א שמחה, פלעג איך באמערקן די בייזע בליקן פון די פוילישע פאנעס און פאנים. זיי פלעגן עסן מיט די אויגן אלעס, וואס זיי האבן געזען ביי אים. איך פלעג אים ניט איינמאל אויפמערקזאם מאכן אויף דעם. ער פלעגט אבער זאגן: אך, דו קוקסט שוין אויף זיי מיט א ספעציעלן קוק...

און זעסט, דער אינגסטער זון, פון וועלכן מ'האט גראדע אזוי ווייניק געהאלטן, ער האט שוין געקוקט רעאל אויף אלעס. עפעס האט אים שטענדיק אן אומרו געיאגט, שוין אזש צו פיל אומרואיק געווען — האב איך מיך דאן געקלערט. ער איז קיין ארץ ישראל אפגעפארן, אויפן קרן קימת לישראל באדן זיך באזעצט, אין א מושב עובדים און געווארן א פויער מיט אייגענער ערד, פערד און פי, הינער און פויגל. מיינע צוויי זין פלעגן וועגן אים מיט חוזק זאגן: א פויער גאר געווארן!....

די צייט איז געלאפן. עס זיינען געקומען צייטן בלוטיקער איינע פון די אנדערע... און וואס? מיין איין־און־איינציקער זון געפינט זיך איצט אין ארץ ישראל. אלע איבעריקע פארלארן און אויף וואס פארא אופן!...

דער פנים פון אלטן איז געווארן נערוועז פון אויפגייענדיקן ווייטיק און ער האט צוגעגעבן:

— איז דאך דער ווייטיק גרויס, האי? אבער ס'טוט נאך מער ווי דאס ניט אויפוואכן פון מיין פאלק צו מעשים, נאך דאס געטראפענע מיט אונדז! אט בלוטיקט דער ארץ־ישראלדיקער ישוב פאר זיי און פאר אונדז און עפעס זיינען מיר צו רואיק צו דעם אלעם.

28 פעברואר 1948

# אויף דעם עונג שבת מיט דר. דבורה באַרער

פרייטיק צונאַכטס האָבן פאַרפולט דעם ציוניסטישן בית־עם, יוגנטלעכע און עלטערע, אויפן עונג־שבת, מיט דער באַטייליקונג פון דער שליחה פון ארץ ישראל, חברה דר. דבורה באַרער.

דער פרעזידענט ה' שלעזינגער, עפנט דעם עונג־שבת און ס. מ. קאַפּלאַן שטעלט פאָר דער חברה דר. באַרער.

די חברה דר. באַרער, שטעלט זיך אויף און הויבט אָן איר רעפעראַט. אָבער מען קען ניט זאָגן, אַז דאָס איז אַ רעפעראַט. ח' באַרער האַלט ניט קיין רעפעראַט פון פּראָזן און קלינגענדיקע ווערטער. איר פּנים זאָגט עדות וועגן דעם. איר פּנים, צעאַקערט און פאַרהאַרטעוועט פון די ארץ ישראלדיקע ווינטן און היצן; זי פאַרקערפּערט צענדליקער יאָרן ארבעט פון אויפשטעלן דאָס, וואָס עס איז געשאַפן געוואָרן ביז איצט אין ארץ ישראל. אַ חברה פון דער שומרישער קבוץ ־ באַוועגונג. איר שפּראַך איז די שפּראַך פון אויפבוי און ארבעט, פון באַשיצונג און בטחון, צו וועמעס דיספּאָזיציע זי האָט געשטעלט איר לעבן צוגלייך מיט איר מאַן און איבעריקע פאַמיליע.

זי לייענט בריוו פון ארץ ישראל, פון איר אַלטיטשקער מוטער, שוועסטער און נאָענטע. בריוו פון אידישע פּאַטריאָטן; בריוו אָן מליצות און געקינסטלטע ווערטער; בריוו, וועלכע אָטעמען מיט דער לאַגע איצט אין ארץ ישראל און מיט דער טאָג טעגלעכערווירקלעכקייט; בריוו, וואו איר 70 יאָריקע אַלטיטשקע מוטער, מען קען זאָגן איינע פון די מוטערס פון גאַנצן ישוב, שרייבט, אַז זי באַדויערט, וואָס זי איז שוין צו אַלט און קען זיך ניט שטעלן אין די רייען פון די פאַרטיידיקער...

קוקסט אויף דער ח' באַדער און קלערסט: זי, מיט נאָך טויזנטער ווי זי, האָבן עס אונדז געגעבן די אידישע מלוכה.... זיי האָבן עס פאַרווירקלעכט דעם לאַנג־יאָריקן טרוים פון מלכות־ישראל! די מענטשן זיינען קאַרג אין ווערטער; פאַר זיי איז פרעמד די שפּראַך פון ווערטער, רעדט זי דעריבער קורץ און פאַרענדיקט מיט י. ח. ברענערס ווערטער: „האדמה תהיה לנו" — די ערד וועט געהערן צו אונדז!

דער עולם זיצט פאַרגאַפט, שלינגט די ווערטער, די הערצער קלאַפּן שטאַרקער, די געדאַנקען טראָגן זיך איבער אַהין, צו ארץ ישראל, צו די קעמפנדע. האָבן דאָך פיל פון אונדז דאָרט ווער אַ שוועסטער, ווער אַ ברודער, ווער אַ פריינט — דער גאַנצער ישוב זיינען אונדזערע ברידער!

נעבן מיר זיצט אַ עלטערע פרוי. זי הערט פאַרגאַפט. פון אירע אויגן רינען טרערן, עס טוט איר וויי פאַר די פרישע קרבנות.

אידישע מאַמעס אין גלות, אין קובאַ און אנדערע אידישע צענטערן, פילן שטאַרק די קרבנות. זיי באַוויינען זיי ווי אייגענע! קענען דען פעלקער פאַרשטיין די ברייטקייט און וואַרעמקייט פון דער האַרץ פון אַ אידישער מאַמע?

דער פרעזידענט, ה' שלעזינגער, הויבט אָן צו זינגען ישמחו, אלע העלפן צו און דער זאַל טראָגט איבער דעם עכאָ צו די ברעגן פון קעמפנדן ישוב.

מיטן געזאַנג פון „התקוה" איז דער עונג־שבת געשלאָסן געוואָרן.

31 יאַנואַר 1948

# אויף דעם עונג שבת מיט פרוי אידאַ סילווערמאַן

פרייטיק צונאכט האָבן פארפולט — מעז ווי יעדן מאָל ביי א אונטער־נעמונג — דעם בית־עם, קובאנער ציוניסטן. מען האָט געפילט, אז היינט וועט טאקע זיין דער אמתער עונג־שבת.

ה׳ רפאל זילבער, פרעזידענט פון דער ציוניסטישער פאריניקונג, עפנט דעם עונג־שבת און שטעלט פאָר דעם גאסט. עס באגריסן די פאָרשטייער פון אלע ציוניסטישע גרופן און איין ליד נאָך דער אנדרער באגלייטן די באַגריסונגען.

און אָט שטעלט זיך אויף דער גאסט און נעמט דאָס וואָרט.

און מען הערט איר נאָך ניט רעדן און שוין זיינען צוגעבונדן צו איר די אָנוועזנדע. זעט מען דאָך צום ערשטן מאָל פאר זיך א שליח, ניט קיין מאַן, ניט קיין יוגנטלעכן, נאָר א מוטער, אַן אמתע אידישע מוטעק מיט געזילבערטע האָר און אינטעליגענטן מילדן געזיכט.

אָבער הער איר רעדן: זי איז א מאמע, א דיכטערין׳ א פּאָעטין; וויפל גע־פילן, וויפל אידישקייט, וויפל תורה, וויפל קדושה און וויפל אידישע וואַרעמקייט און ליבשאפט צו אונדזער ארץ ישראל היים!

אין זאַל צעלייגט זיך א באמתער עונג־שבת. אין אלע ווינקעלעך פילט מען דעם נייעם עונג־שבת פון דער נייער קדושה, פון נייעם מאָדערנעם ארץ ישראל לעבן. זי שילדערט דעם שבת אין ארץ ישראל, אין תל־אביב. זי פירט דיך איבער תל־אביבער גאסן, דו הערסט דעם טרומפּייט, וועלכער זאָגט אָן דעם אָנקום פון שבת. דו הערסט דעם קלאַפּ פון די לאָדנס; דו זעסט די תל־אביבער שבת־ליכט: דו הערסט דעם לכה דודי, די זמירות... — זי פירט דיך צום שפת הים׳ צו די שפּאַצירנדע...

אַלע אין זאַל גייען מיט מיט איר און זעען די פייערונגען פון חג־הבכורים, פון פסח, פון פורים, פון שבועות אין ארץ ישראל.

זי ווייזט דעם קאַרנאַוואַל; זי ווייזט די ארץ ישראל לבנה, די שטערן, דעם בלויען הימל.

זי רעדט און ווי אירע אויגן זעען עס אַלעם דאָ... און מיט איר צוזאַמען זעען אַלע מיט אין זאַל.

זי פירט אַלעמען מיט צו די מיטפאָרנדע חלוצים, ביינאַכט, צו אויפשטעלן אויפן פרימאָרגן נייע פונקטן.

זי רייסט איבער אָבער דעם שיינעם חלום און ראָמאַנטיזם, מיט דעם גע־שפּענסט פון די אומגעקומענע זעקס מיליאָן קדושים און שדייט אַרוים אין צאָרן: וויפל וואָלטן מיר פון זיי געקענט ראַטעווען, ווען מיר וואָלטן ניט אַדורכגעלאָזן די אזוי פיל געלעגנהייטן פאַרן ציוניזם!....

מען קען עס ניט פאַרדיכטן שוין, מען קען נאָר פאַרהיטן אויף ווייטער.

און זי פאַרהיט עס אויף ווייטער, וועקנדיק די הערצער פון פאָלק אין פאַר־שיידענע ווינקעלעך פון דער וועלט מיט איר מוטער נשמה. זי רופט און מאָנט — אָבער אויף וואָס פאַר אַ שיינעם אופן!

זי גיט דיר אזוי פיל שיינקייט פאַר דיינע אויגן, פּראַכט, גלאַנץ און קדושה פון נייעם ארץ ישראל לעבן, אַז עס רייסט דיך מיט...

איך זיץ און קלער, וואו נעמט מען דאָ די איטשע מאיר לעווינס און אנדערע גדולים פון אגודת ישראל, וועלכע שטייען נאָך אַלץ פונדערווייטן צום ישראל אויפבוי, צוליב מורא פאַר תורה און קדושה, וועלכע ווערט ניט געפלאַנצט דאָרט? זאָלן זיי הערן וויפל תורה, וויפל קדושה איז דאָרט דאָ!....

פּרוי סילוועדמאַן איז אָנגעצונדן מיטן פּראַכט און אידיליע פון ארץ־ישראלדיקן ישוב. די טיפע, שיינע, געפילן און ברייטע, וואַרעמע מוטערלעכע האַרץ ערלויבן עס איר צו ברענגען צו אונדז. און דעריבער האָבן אירע ווערטער געצונדן די הערצער און געמאַכט בענקען די נשמות פון די קובאַנער אידן.

זי ענדיקט, און די קדושה, דער גייסט פון ארץ ישראלדיקן ישוב, דער עונג־שבת, וויל נאָך אַ לאַנגע צייט ניט אָפּטרעטן פון בית-עם.

18 פעברואַר 1948

# די ציוניסטישע פאַריייניקונג אין קובאַ, אַ וויכטיקער פאָרפּאָסטן פון ישראל

(צו די צוויי יאָר מדינת ישראל)

---

צוויי יאָר מדינת ישראל, אַ נייע ערא אין דער געשיכטע פון אידישן פאָלק. צוויי־טער יאָר פון באַשטעטיקונג פון דער אידייע און וויזיע פון ציוניזם. די צייט גייט געשווינד פאָרויס, ברענגט ענדערונגען אין געשטאַלטונג פון דער וועלט און האָט אויך אריינגעבראַכט היסטאָרישע ענדערונגען אין לעבן פון אידישן פאָלק. דעם מענטשנס געדאַנק איז שוין אזוי צוגעפּאַסט פּסיכאָלאָגיש, אַז ער נעמט אויף אָפטמאָל אזעלכע גרויסע געשעענישן און ענדערונגען, וואָס ווען מען זאָל וועגן זיי פאָראויס דערציילן וואָלט מען עס מיטן שכל הישר ניט באַגריפן. אָבער ווען זיי פּאַסירן, נעמט מען עס אויף ווי אַ נאָרמאַלע דערשיינונג און מען גייט אריבער איבער דעם, ווי איבער נאַטירלעך געשעענע פאַקטן.

אזוי האָט אויך פּאַסירט מיט דער אנטשטייאונג פון מדינת ישראל. מיר האָבן עס אויפגענומען מיט פרייד, מיט ענטוזיאזם און איצט רעדן מיר שוין וועגן דעם ווי וועגן אַ געשעענער זאַך און מיר לעבן אין די באַגריפן פון אידן־שטאַט און פרייהייט פון פאָלק ישראל.

מיר פייערן היינט צו טאָג דעם 2 יאָריקן יובילי פון מדינת ישראל, וועל איך ניט מאַכן ביי דער געלעגנהייט קיינע היסטאָרישע אָפּהאַנדלונגען און דערמאָנונגען, איך וויל נאָר ארויסברענגען דעם געדאַנק, אַז אַ דאַנק דער אָנ־געשטריינגטער ציוניסטישער ארבעט פון צענדליקער, צענדליקער יאָרן, איז גע־שאַפן געוואָרן דורך דעם אידישן פאָלק, דאָס גרויסע מוסטער ווערק וואָס הייסט מדינת ישראל.

ווי פאָרפּאָסטנס צו דעם וועג נאָך דערלייזונג זיינען שוין געווען די ציוניס־טישע אָרגאַניזאַציעס אין אַלע זייערע שאַטירונגען און אָפּצווייגונגען, איבער גאַר דער וועלט. ווי פאָרפּאָסטנס פון מדינת ישראל, זיינען איצט די ציוניסטישע פאַריייניקונגען אין אַלע זייערע אָפּצווייגונגען און שאַטירונגען, אין אַלע לענ־דער, וואו אזעלכע געפינען זיך (און אין וועלכער לאַנד געפינען זיי זיך ניט!)

זיי זיינען די, וועלכע אָרגאַניזירן ווייטער און ווידער דאָס פאָלק ישראל פאַר די גרויסע פליכטן צו גרויס מאַכן, שטאַרק מאַכן און העלפן פאַרפעסטיקן מדינת ישראל.

אזא פאָרפּאָסטן עקזיסטירט אויך אין אונדזער אידישן ישוב פון קובאַ. —דאָס איז די ציוניסטישע פאַריייניקונג, מיט אַלע אירע אָפּטיילונגען און אָפּ־צווייגונגען. איך וועל פּרואוון אין מיין אַרטיקל געבן אַ קורצן איבערבליק איבער די אַלע אָפּטיילונגען, ווייל אויף צו געבן אַ גענויע אָפּהאַנדלונג, וועגן דער גרוי־סער ארבעט פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין קובאַ, וואָלט מען געקענט אַ גאַנץ גרויסן בוך אָנשרייבן.

אויף פראדא 260 עקזיסטירט שוין זייט יאָרן א געביידע, וואו עס האָט זיך געשמידט דער נאציאָנאלער, קולטורעלער און אידיש היסטאָרישער באוואוסט־זיין פון אידישן ישוב אין קובא. דער בנין האָט געגעבן מוט און שטאָלץ די קובאנער אידן צו טראָגן זייער טאָג טעגלעכן שווערן יאָך, צינדנדיק פאר זיי העל און ליכטיק אין לעבעדיקע מאלערישע פארבן די צוקונפט פון אידישן פאָלק. אין זיינע ווענט האָט זיך געפורעמט דער גייסט פון אידישן נאציאָנאלן געפיל. אין זיינע ווענט זיינען איינגעזאַפּט געוואָרן די צערטליקער ווערטער פון נביאים שליחים, פון וויזיע זעעוודיקע טרוימען. און דאָ איז געפורעמט געוואָרן דער אידישער גייסט פון פאָלק ישראל און זיין צוגעבונדנקייט צו מדינת ישראל.

---

## ציוניסטישע פאַראייניקונג

די ציוניסטישע פאראייניקונג ציילט הונדערטער, הונדערטער אקטיווע מיט־גלידער אין אירע רייען אָפיציעל רעגיסטרירט, אָבער ניט אָפיציעל רעגיסטרירט געהערן צו איר אַלע אידן פון האוואנא און פראָווינץ. די ציוניסטישע פאריי־ניקונג, איז די, וועלכע צעמענטירט אַלע אידן פון קובא ארום דעם אידעאַל פון דעם ציוניסטישן געדאנק און פאר דער אקטיווער ארבעט פאר מדינת ישראל.

בראש פון דער ציוניסטישער פאראייניקונג שטייט די ציוניסטישע דירעק־טיווע. די העכסטע אינסטאנץ פון דער ציוניסטישער פאראייניקונג איז דער ציוי־ניסטישער פלענום ראַט, וועלכער שטעלט זיך צונויף פון פאָרשטייער פון אַלע ציוניסטישע גרופן.

---

## קולטור דעפּאַרטאמענט און ראַדיאָ שעה ביי דער ציוניסטישער פאַראייניקונג

ביי דער ציוניסטישער פאראייניקונג עקזיסטירט א קולטור דעפּארטאמענט. ביז מיט איניקע מאָנאטן צוריק האָט מיט דעם דעפּארטאמענט אנגעפירט דער ישראל שליח חיים רשף. אין דער נאָענטסטער צייט, וועט דער דעפּארטאמענט רעאָרגאניזירט ווערן.

די טעגלעכע ראדיאָ שעה ביי דער ציוניסטישער פאראייניקונג גיט איבער די לעצטע נייעס פון ישראל, פון ציוניסטישן לעבן אין קובא, מוזיק פלאטן, אָפטע ארויסטרעטונגען א. א. וו.

הונדערטער, הונדערטער אידן הערן אויס די ראדיאָ שעה מיט גרויס אויפ־מערקזאמקייט סיי אין שטאָט און פראָווינץ.

---

## עקאָנאָמישער דעפּאַרטאַמענט

כדי צו געבן דעם היגן ישוב גענויע און פארלעסלעכע אינפאָרמאציעס בנוגע דער עקאָנאָמישער און פינאנסיעלער לאגע אין ישראל ווי אויך צו געבן א בילד זועגן די מעגלעכקייטן פאר קאפיטאל אינוועסטמענטס, האָט די ציוניסטישע פאראייניקונג געשאפן אן עקאָנאָמישן דעפּארטאמענט. דער דעפּארטאמענט שטייט אין שטענדיקער פארבינדונג מיט דעם עקאָנאָמישן דעפּארטאמענט ביי דער אידישער אַגענטור, וואָס שיקט צו אַלע נויטיקע אינפאָרמאציע מאטעריאַלן, וואָס ווערן איבערגעשיקט צו איבער 150 פערזאָנען, סוחרים און אינדוסטריא־ליסטן איבערן גאנצן לאַנד.

## עליה אָפּטיילונג

די עליה אָפּטיילונג ביי דער ציוניסטישער פאריייניקונג, וואָס שטייט אין דירעקטער פאַרבינדונג מיט דעם ישראל קאָנסולאַט אין ניו־יאָרק האָט אין דער צייט פון 31־טן יאנואר 1949 ביז 15־טן פעברואר 1950 רעגיסטרירט 118 אַפּליקאַציעס צו פאָרן קיין ישראל. פון די 118 ביטעס זיינען 91 פאַר עליה און 27 פאַר טוריסטן וויזעס, וועלכע זיינען אלע באוויליקט געוואָרן.

## קרן עליה

כדי צו דערמוטיקן די עקזיסטירנדע חלוצישע באוועגונג דורך מאַטעריעלע הילף פאַר אירע מיטלירער, איז געשאַפן געוואָרן דער קרן עליה. דער קרן עליה הילפס קאָמיטעט האָט שוין געהאָלפן זעקס חלוצים עולה צו זיין קיין ישראל.

---

## שקל קאָמיטעט

אין מאָנאַט נאָוועמבער איז קיין האוואנא געקומען הער פנחס שטיינוואַקס מיטן צוועק צו אָרגאַניזירן דעם שקל קאָמיטעט. אויף דער זיצונג פון פּלענום־ראַט מיט דער אָנוועזנהייט פון הער שטיינוואַקס ווערט געשאַפן דער קאָמיטעט.

דער קאָמיטעט הויבט אָן זיין אַרבעט מיט אימפּעט און דורך דער איבערגעגעבענער אַרבעט פון אלע חברים פון קאָמיטעט ווערט אין האוואנא און פּראָווינץ פאַרקויפט קרוב צו 1500 שקלים. דער אָנפאַנג פון דעם נייעם ישראל קאַמפּיין פאַראורזאַכט אַ איבעררייס אין דער אקציע, וועלכע וועט די צייט ווידער פאָרגעזעצט ווערן, כדי צו פאַרשפּרייטן אַ מינימום פון 2500 שקלים, וואָס וועט געבן אַ רעכט דעם ישוב צו שיקן צוויי דעלעגאַטן צום 23־טן ציוניס־טישן קאָנגרעס.

---

## פּאָליטישע לייטונג

ביי דער ציוניסטישער פאַריייניקונג עקזיסטירט אַ פּאָליטישער דעפּאַרטאַ־מענט וועלכער האָט זיך פאַרנומען און פאַרנעמט זיך איצט מיט די פאַראַנט־וואָרטלעכע פליכטן פון פאַרבינדן דער ציוניסטישער מהנה (דעם אידיש קובאַנער ישוב) מיט דער אויסערלעכער וועלט, מיט דעם קובאַנער פאָלק; אויפקלערן פאַר דער קובאַנער געזעלשאַפט די פּאָסטולאַטן און שטרעבונגען פון דער ציוניסטי־שער אידייע און די פּראָבלעמען און דערגרייכונגען פון מדינת ישראל. ארויס־געבנדיק אַ רייע אויפקלערונגס מאַטעריאַל, האָט דער פּאָליטישער דעפּאַרטאַ־מענט שטענדיק (אויך איצט) געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין לעבן פון די אידן אין קובאַ. ספּעציעל וואָגיק און שווער איז געווען די אַרבעט פון דעפּאַרטאַמענט אין צייט ווען אין ישראל איז אָנגעגאַנגען די מלחמה פון באַ־פרייאונג, און אין דער יז־ען האָט זיך געוועגן דער גורל פון אידישן פאָלק.

---

## „האַוואַנער לעבן"

די ציוניסטישע פאַריייניקונג האָט ניט קיין אייגענעם פּרעסע אָרגאַן, צום גליק האָט אָבער די אומאָפּהענגיקע אידישע צייטונג „האוואנער לעבן" געדינט שטענדיק די אינטערעסן פון ציוניסטישן אידעאַל, געבנדיק אויף זיינע זייטן אַ נענויע אָפּשפּיגלונג און אָפּהאַנדלונג פון ישראל און ארום ישראל. זי האָט ערצויגן אירע לייענער אין גייסט פון נאַציאָנאַליזם, ציוניזם און מלכות ישראל געדאַנק.

# אינפאָרמאַציע ביוראָ

זייט דעם מאָנאט אפריל 1949 איז איינגעשטעלט געוואָרן אַ אינפאָרמאציע ביוראָ, וועלכע באדינט מיט ארטיקלען, אינפאָרמאציע און נייעס די שפאנישע פרעסע און ראדיאָ, און אין געוויסע פאַלן ביז צו זעכציק קובאנער פערזענלעכקייטן צווישן זיי, אָפיציעלע רעגירונגס מענטשן און אינטעלעקטואלן, וועלכע האָבן תמיד ארויסגעוויזן פריינטשאפט און סימפאטיע צו אונדזער זאַך.

די מאטעריאלן ווערן ארויסגעשיקט איינמאָל אין וואָך צו 12 טעגלעכע צייטונגען און 3 זשורנאלן. דער בולעטין „נאָטיסיאָס דע איזראַעל" ווערט געשיקט צו פינף פון די וויכטיקסטע ראַדיאָ סטאַנציעס פון האוואנא.

עס איז דערגרייכט געוואָרן אַז ניין קובאַנער צייטונגען זאָלן זיך פון צייט צו צייט באנוצן מיט די מאטעריאלן. עס זיינען דערשינען ביז איצט 126 אַרטיקלען אין קובאנער צייטונגען.

זייט אַ פּאָר מאָנאטן קומען אָן אויך די דאָזיקע ארטיקלען אין אידישער איבערזעצונג און זיי ווערן כמעט אלע געדרוקט אין „האוואנער לעבן".

---

# פאַראייניקטע ישראל קאַמפּיינען

אַלע געלט זאמלונגען פאר ישראל גייען — אַ חוץ די פעריאָדישע טאָג טעגלעכע זאמלונגען, — דורך אַ פאראייניקטן קאמפּיין. מיט דער ארבעט פון אַדורכפירן די קאמפּיינען גיט זיך אָפּ אַ ברייטערע אויסגעוויילטע פארוואלטונג, אין וועלכער עס גייען אריין אקטיווע פאָרשטייער פון די ציוניסטישע גרופּן און אקטיווע געזעלשאפטלעכע טוער פון דער ברייטער אידישער געזעלשאפט.

דער ישראל קאמפּיין 1949 איז אַ פאראייניקטער פון אלע ציוניסטישע פאָנדן ווי קרן קימת, קרן היסוד, בטחון, וויצאָ און ליגע.

דער ציל פון ישראל קאמפּיין 1949 איז: הייזער בוי פאר די נייע עולים.

---

# קק"ל לאַנד דירעקטאָריום

דער נאציאָנאלער פאָנד קרן קימת לישראל פירט אין קובאַ אַ פערמאנענטע ארבעט אין צוויי ריכטונגען: זאמלען ביי יעדער געלעגנהייט שפענדונגען, פירנדיק גלייכצייטיק אַ סיסטעמאטישע אויפקלערונגס ארבעט, צווישן דעם קובאַנער אידנטום, יוגנט און שול קינדער. דער קק"ל לאנד דירעקטאָריום, האָט אויך אָפּטיילונגען אין די פּראָווינצן. ער ווערט אָנגעפירט פון אַ דירעקטיווע פון אויסגעפּרואווטע ציוניסטישע געזעלשאפטלעכע טוער.

דער קק"ל פירט דורך יאָר איין יאָר אויס טראדיציאָנעלע פורים פייערונגען, ל"ג בעומר, ט"ו בשבט און אנדערע פייערונגען, אָפּהיטנדיק אזוי ארום דעם גייסט פון אונדזערע היסטאָרישע יום־טובים.

---

# יוגנט קאָמיטעט ביי דעם קק"ל לאַנד דירעקטאָריום

דער יוגנט קאָמיטעט ביי דעם קק"ל לאַנד דירעקטאָריום, נעמט ארום פאָרשטייער פון אלע יוגנט אָרגאניזאַציעס און שפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין דער ארבעט פון קרן קימת.

---

## „וויצא"

די „וויצא" פאריייניקט הונדערטער הונדערטער ארגאניזירטע אידישע פרויען. איז דאך די „וויצא" די ציוניסטישע פרויען קערפערשאפט, וועלכע פלעגט און פלאנצט דעם נאציאנאלן אידישן באוואוסטזיין צווישן דער אידישער פרוי. די „וויצא" האט אין קובא באוויזן צו אנטוויקלען א אינטענסיווע ארבעט פאר ישראל אין אזא פארנעם, וואס גיט איר דעם בכבודיקסטן פלאץ אין דער ציוניסטישער פאריייניקונג. די „וויצא" האט אפטיילונגען ביי דער ספרדישער קאלאניע, אין ווערדאדא, אין פראווינץ קאמאגועי, אין סאנטיאגא דע קובא. בראש פון דער „וויצא" ארבעט שטייט א דירעקטיווע פון איבערגעגעבענע פרויען.

עס עקזיסטירט אויך א „יאנג וויצא".

די ניי שטוב פון דער וויצא שיקט איבער טויזנטער טויזנטער אנצוגלעך, וועש און קליידלעך, שפילצייג און אנדערע זאכן פאר ישראל. בראש פון דער ניי שטוב, שטייט א דירעקטיווע.

די „וויצא" איז א שטאלץ פאר דער קובאנער אידישער פרוי, איר ארבעט איז אומאפשעצבאר.

## ליגע פאר דער הסתדרות

די ליגע פאר דער „הסתדרות" ציילט נאענט צו הונדערט חברים, איבערגעגעבענע פריינט פון דער „הסתדרות" אין ישראל. בראש פון דער ליגע שטייט א דירעקטיווע. די ליגע פאר דער הסתדרות פירט אפט אדורך זעלבסטשטענדיקע געלט קאמפיינען, וועלכע ווערן געקרוינט מיט דערפאלג.

די ליגע פירט דורך יעדן יאר דעם טראדיציאנעלן דריטן סדר.

## „השומר הצעיר"

„השומר הצעיר" ציילט ביי 100 יוגנטלעכע, בראש שטייט די הנהגה הראשית. די יוגנט איז איינגעטיילט אין דריי שכבות, דריי שיכטן, האט געשיקט א גרופע חברים־ות אויף הכשרה, קרוב צו צען זיינען שוין אין ישראל.

## יוגנט קלוב ביי דער ציוניסטישער פאריייניקונג

ציילט נאענט צו 100 מיטגלידער, בראש שטייט א דירעקטיווע. זאמלט זיך צונויף יעדע וואך אין ציוניסטישן בית־עם. פירט ציוניסטישע אקטיוויטעטן און פארבינדט דער יוגנט מיט דעם אידעאל פון ישראל.

## פריינט פון העברייאישן אוניווערזיטעט

דער קאמיטעט פון פריינט פון העברייאישן אוניווערזיטעט נעמט ארום צענדליקער איבערגעגעבענע אנהייגער פאר דער אנטוויקלונג פון וויסנשאפט און קולטור אין ישראל און פאר פארבינדונג צווישן די אינטעלעקטועלע קרייזן פון ישראל און קובא.

---

,'מכבי" און „קאנסעכא פרא איזראעל" פון שבת אחים דאס זיינען גרופן וועלכע זיינען נים אנגעשלאסן אן דער ציוניסטישער פאריייניקונג, וועלכע זיינען אבער אין זייער מהות און ארבעט, אויך גרופן וועלכע עקזיסטירן פאר דעם אידעאל פון ישראל און דירעקט צו אומדירעקט, פאלן זיך זייערע ארבעטן צונויף מיט די ארבעטן פון דער ציוניסטישער פאריייניקונג.

22 אפריל 1950

# די אידישע יוגנט אין קובא

עוד לא נתקה השלשלת,
עוד נמשכת השלשלת,
מני אבות אלי בנים,
עד היום הזה...

די קייט איז ניט איבערגעריסן געוואָרן, די קייט ציט זיך פון עלטערן צו קינדער, ביז דעם היינטיקן טאָג.

די יוגנט, די קינדער זיינען די האָפענונג און ציל פון די עלטערן. צו זיי זוערן אריבערגעטראָגן די געדאנקען און פאר זיי ווערן געמאכט די אָנשטריינגונגען פון עלטערן, נאָכדעם ווי זיי קומען אריין אין דעם לעבן פון דער משפחה.

די אידישע יוגנט איז אין די לעצטע פאָר דורות געוואָקסן רעוואָלוציאָנער, אוועק אָפּטמאָל ווייט פון איינגעוואָרצלטע טראַדיציעס, געוואָלט זיך אָפּרייסן פון מקור, פון שורש, זוכנדיק אַ וועג אין לעבן פאַר זיך און פאַרן פאָלק, אויסגעמישט זיך אין ווירבלנדע שטראָמען פון גייסטיקע און אידייאישע וועגן, פּרוּווּנדיק זיך אויסמישן און נאָכגיין די וועגן פון דער אַלגעמיינער יוגנט.

און די אַלגעמיינע יוגנט, האָט אָפּטמאָל געמאכט רעוואָלוציעס אין לעבן פון זייערע עלטערן, אין לעבן פון זייער פאָלק און מיט צייטן געענדערט זיין געשטאַלטונג; געמאכט אָפּווישן און פאַרגעסן טראַדיציעס און היסטאָרישע ירושותדיקע איבערגאַנגען.

ניט אַזוי איז די אידישע יוגנט. דער גודל וועלכער האָט אַלעמאָל צוריקגעוואָרפן דעם אידישן פאָלק צו זיין מקוד האָט ניט געלאָזט זיך אָפּרייסן אידישע קינדער פון זייער אָפּשטאַם.

דער ביטערער גורל, וועלכער האָט אַלעמאָל דורך אַלע יאָר, באַגלייט דעם אידישן פאָלק, האָט זיין יוגנט צוריקגעשטויסן צוריק צו די אַזר אַלטע אידייען פון וואָרצל, פון אָפּשטאַם.

האָט די אידישע יוגנט געמעגט ווער ווייס וואו אַנגעהערן, איז זי געבליבן פאַרבונדן מיט דעם אידישן עבר. און צו זיינען עס געווען די מאָדערנע משכילים, צו רעוואָלוציאָנערן, וועלכע האָבן זיך מיטגעצויגן מיט נייע שטראָמען און אידייען, צו די וועלכע זיינען געגאַנגען בויען אַ נייעם לעבן אין ישראל, זיינען זיי אַלע געשטויסן געוואָרן פון דעם נצח ישראל לא ישקר.

און אפילו די וועלכע פלעגן זיך אסימילירן זייענדיק קינדער פון די רייכע אריסטאָקראַטישע ספערן, זיינען אָבער ביטער אנטוישט געוואָרן דורך אָפּטע פּאָגראָמען, שאַקירונגען און רדיפות דורך דער גויאישער וועלט און דאָס האָט זיי געגעבן צו פילן, אַז זיי זיינען אידן.

דאָס האָט צוריקגעשטויסן און צוגעשמידט דער יוגנט צום פאָלק און גע־צוואונגען זיי שפּינען ווייטער די גאָלדענע קייט פון המשך קיום פון אידישן פאָלק.

דאָס האָט געצוואונגען דער יוגנט צו פאַרלאָזט ווערן פון דער ציוניסטישער חלוצישער אידייע און מיטגעריסן ווערן מיט איר. זיי האָבן איבערגעריסן מיט מאַמע, מיט היים און דעם לאַנד, וואו זיי זיינען געווען און זיינען געגאַנגען נאָך ישראל, בכדי צוגרייטן די היינטיקע אויסגעקעמפטע היים.

---

די אידישע ישובים, ווייטע, פאַרוואָרפענע און צעשפּרייטע איבער אַלע עקן וועלט, האָבן געשאַפן אַ נייעם אידישן לעבן. יעדער אידישער ישוב, אפילו דער קלענסטער האָט זיך אָבער געפילט ווי אַ טייל פון אידישן פאָלק. דער אידישער ניצוץ האָט זיך קיינמאָל ניט אויסגעוועבט ביי זיי און דאָס: דורך אָנהאַלטן זייער פאַרבינדונג מיט דער אַלטער היים און דורך פאַרזעצן די איינגעפלאַנצטע נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע טראַדיציעס.

דער דעצידירנדיקסטער פאַקטאָר איז אָבער געווען די השפעה פון ארץ־ישראל, פון דער העלדישער רענעסאַנס באַוועגונג, וואָס פלעגט קומען צום אויסדרוק דורך די חלוצישע און ציוניסטישע שליחים, וועלכע פלעגן אָפטמאָל מגולגל ווערן אין די ווייטסטע פאַרוואָרפענע ישובים; דורך די געלט זאַמלונגען פאַר ישראל, דורך דער נאַציאָנאַל ערציערישער ארבעט פון קרן קימת לישראל א. א. וו.

די יוגנט אין די אמעריקאַנער לענדער פלעגט על פי רוב געלאָקט ווערן פון דער אַרומיקער גויאישער וועלט, פלעגן באַזוכן זייערע שולן און געלאָקט פון די פריינטלעכע שטריכן פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג, פלעגן זיי זיך אויסמישן אין חברשע באַציאונגען און זיי האָט געדראָעט די סכנה פון דערווייטערט ווערן פון נאַציאָנאַלן גייסט.

איז אויב די יוגנט, איז אָבער דאָך נאָך ניט אוועק פון פאָלק אין די לענדער, איז עס אַ דאַנק דער גייסטיק נאַציאָנאַלער ירושה, וועלכע איז פון די עלטערן געפלעגט געוואָרן; אַ דאַנק דעם אנטוויקלטן אידישן גייסטיקן לעבן אויף די פלעצער, אַ דאַנק די אָרטיקע אָפטמאָל אַזוי מיזערנע קולטורעלע רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע כוחות.

די אידישע שולן וועלכע זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן האָבן געהאַט אַ דעצידירנדיקן איינפלוס. אַ קינד וועלכע האָט געענדיקט אין די לענדער אַ אידישע שול, איז אויף אייביק שוין פאַרבליבן אַ נאַציאָנאַל אידיש קינד, אין וועמען אַ וואַכזאַמער געפיל האָט געקלאַפּט פאַרן אידישן פאָלק, פאַר זיינע נויטן און באַדערפענישן.

אַז דאָס אידיש קינד אין די אמעריקאַנער לענדער, זאָל ניט אָפּגעריסן ווערן פון אידישן פאָלק, האָבן משפיע געווען:

1) די אַלטע טראַדיציעס געבראַכטע און אָפּגעהיטע נאָך פון דער אַלטער היים, דורך די עלטערן.

2) דער ווילן פון די עלטערן מיט אייגענע מיטלען צו איינפלאַנצן אויף וויפל מעגלעך אידישע געפילן.

3) די רעליגיעזע טראַדיציעס און יום טוב פייערונגען.

4) דער אידישער שול וועזן אָרגאַניזירט אויפן אָרט.

5) די ציוניסטישע השפעה און ישראלס דירעקטע פאַרבינדונג מיט די ישובים.

6) די אָרגאַניזירטע אידישע יוגנט אָרגאַניזאַציעס, צו פון ריין אידיש נאַציאָנאַלן אינהאַלט, צו אפילו פון אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס וועלכע האָבן ניט געטראָגן קיין אויסגעשפּראָכענעם נאַציאָנאַלן כאַראַקטער, אָבער דאָך געבליבן אידישלעך.

אַזוי איז אויך געשטאַנען דער פּראָבלעם פאַר דער אידישער יוגנט אין קובאַ. און די זעלבע אויסגערעכנטע פאַקטאָרן האָבן אויך דאָ אָפּגעהיט דער יוגנט פון אָפּרייסן זיך אינגאַנצן פון מקור.

צוגלייך מיט די עלטערן, האָט זיך די יוגנט אין קובאַ אָרגאַניזירט אין יוגנט קלובן, אָרגאַניזאַציעס, וועלכע שטייען אונטער פאַרשיידענע אידעאָלאָגישע, פּאָליטישע און קולטורעלע השפּעות.

געוויס קען מען זאָגן מיט סאַטיספאַקציע, אַז פאַר אַ אידישן ישוב אין קובאַ, וועלכער ציילט ניט מער ווי צען טויזנט אידן, איז די צאָל עקזיסטירנדע אידישע יוגנט קלובן, דאָך אַ דערגרייכונג, הגם אפשר זייער געפּירטע טעטיקייט איז ניט אַזאַ שטאַרק באַלאַנסירנדיקע.

אויב עס גייט וועגן דער ווייטערדיקער אַרבעט און טעטיקייט פון די אידישע יוגנט קלובן און אָרגאַניזאַציעס איז קען מען מאַכן פאָלגענדן פּראָיעקט פון אַרבעט פאַר זיי:

עס דאַרף געשאַפן ווערן אַ פעדעראַציע פון אַלע עקזיסטירנדע יוגנט אָרגאַניזאַציעס. זיי קענען טאַקע עקזיסטירן יעדע באַזונדער, אָבער דאָך קענען זיי אין געוויסע פאַלן קאָאָרדינירן זייער אַרבעט ביי אַרויסטרעטונגען און אונטערנעמונגען, צו איז עס פון קולטורעלן כאַראַקטער, אָדער אונטערנעמונגען פאַר ישראל.

בראַש פון דער פעדעראַציע דאַרף שטיין אַ געוויילטע עקזעקוטיוו פון פאַרשטייער פון אַלע גרופּירונגען מיט אַ פּרעזידיום.

די געמיינזאַמע אונטערנעמונגען דאַרפן אָפּשפּיגלען פאַרשיידענע נאַציאָנאַלע אידישע פייערונגען; אונטערנעמונגען געווידמעט היסטאָרישע דאַטומס פון קובאַ און געמיינזאַמע אַרויסטרעטונגען פאַר ישראל, אויסנוצנדיק דערביי די אָפּטע באַזוכן פון פאַרשיידענע ציוניסטישע פּערזענלעכקייטן וועלכע באַזוכן אונדזער ישוב.

אַזאַ פעדעראַציע וואָלט געדינט ווי אַ פאַראייניקונג פון דער אידישער יוגנט פאַר קאָנקרעטע מעשים פאַר ישראל און וואָלט בכלל סטימולירט דעם נאַציאָנאַלן געפיל ביי דער יוגנט און פאַרזיכערט איר צוגעבונדנקייט צום אידישן פאָלק.

6 יוני 1951

# די ניי-שטוב פון דער „וויצאָ" אין קובאַ

אויף דעם ווייטן אינזל קובא,
זיצן מאַמעס ביים ניי מאַשין,
נייען בלוזקעס, העמדלעך, קליידלעך —
פאַר נייע עולימס טעכטער און זין.

* *

עס זיצט אַ מאַמע מיט צאַרטע הענט
פון פוילן, ליטע און אנדערע שטעט
זי שניידט צו העמדלעך, קליידלעך, בלוזקעס
די נייע עולימס קינדער פאַר זיך זי זעט...

* *

ניי מאַשין, מיט פוס באַוועגט זי שנעל,
די סחורה, ווייסע הענט האַלטן צאַרט;
שמייכלט שטראַלנדיק איר פנים —
אויף משיחס צייטן זיך דערוואַרט.

* *

עס פירן שיפן און עראָפּלאַנען
פילע קינדער אַ היים צו זיך,
דאַרף מען קינדער באַנייען, באַקליידן,
באַוועגן זיך אירע הענט שנעלער גיך.

* *

מישן זיך צונויף געזאַנגען
מיט דעם זשומען פון ניי מאַשין,
פאַרבראַכטע שעהן, נאָכמיטאָגס גאַנצע
קריגן אַזא אינהאַלט און אַזא זין...

* *

אויף דעם ווייטן אינזל קובאַ
זיצן מאַמעס ביים ניי מאַשין.
נייען בלוזקעס, העמדלעך, קליידלעך
פאַר נייע עולימס טעכטער און זין...

* *

ווען די ניי־שטוב ארבעט, ווערט דער ציוניסטישער בית־עם אָנגעפילט מיט קדושה. עס מישן זיך צונויף וואַרעמע מוטערלעכע געפילן מיט היימישע שטור־ביקע געזאַנגען פון אמאַליקער היים.

ארום דער ארבעט פון דער מאמען ביים ניי-מאַשין האָבן זיך געשאפן פאַר־שיידענע פאָעמעס, לידער א. ד. ג.

ווען די מאַמעס נייען דאָ אין קובאַ פאַר די קינדער פון ישראל, פילן זיי גאָרניט ווי זיי וואָלטן גענייט פאַר עמיצנס קינדער. מען האָט עס געקענט

שפירן ווען פרוי טערנער און פרוי וויינשטיין האָבן מיט אזוי פיל ליבשאפט און איבערגעגעבנהייט געטאָן פאר דעם טראנספּאָרט קליידונג, אָדער ווען פרוי ראשבוים האָט צוגעשניטן די פילע אָנטועכצן, צו ווען אלע פרויען זיינען שעהן לאנגע געזעסן אין אן איינגער סביבה און געארבעט ארום דער זאַך.

נאָר דורך פילן, אז זיי טוען עס ווי פאר אייגענע קינדער האָט געקענט אויסגעפּארטיקט ווערן אַ טראנספּאָרט וועלכער וועט קענען באקליידן טויזנט קינדער פון די נייע עולים.

איך האָט געדאַרפט אָנקוקן דעם טראנספּאָרט ווען ער איז געווען אויס־געשטעלט אין בית־עם. פיל, פיל קאָסטנס פון אויסגעפּארטיקטע זאכן. און מיט וואָס פאר אַ געשמאַק און היימישקייט אויסגעפּארטיקט? ווי האָט געזאָגט דוד אַלינסקי פון ישראל — ווען מען האָט אים געפרעגט וויפל איז ווערט דער טראַנספּאָרט — ניט אָפּצושאַצן אין געלט...

עס זינגט דער אידישער ארטיסט וויטלער אין זיין בייינקשאפט ליד נאָך דער חרובער אידישער ווארשע, אז זי וועט זיין אַ שטאָט ווי געווען און משהלעך, יאָסעלעך און שלמהלעך וועלן זיך שפילן ווי אמאָל. איז דאָס מער ניט ווי אַ בייינקשאפטס טרוים פון בייינקענדיקן ארטיסט וויטלער נאָך דער אידישער ווארשע. אָבער עס וועלן זיך שוין קיין שלמהלעך און יאָסעלעך אין ווארשע ליידער מער ניט שפּילן.

שלמהלעך און יאָסעלעך פאָרן היינט אויף שיפן און עראָפּלאַנען נאָך ישראל, וועלכע וועט זיי פארהיטן, אז ווען זיי וועלן זיך שפּילן, זאָל חלילה מער קיין שטיין ניט פאַלן אויף זיי. שלמהלעך און יאָסעלעך פילן זיך זיכער אין ישראל, אָבער דערווייל ניט אזוי גוט באַזאָרגט ווי עס דארפן קינדער זיין באַזאָרגט.

גרויסע לאסטן האָט ישראל אויף זיך גענומען. אפשר ניט גענומען, נאָר זיי זיינען ארויפעלייגט געוואָרן אויף איר און אויפנעמענדיק די אלע לאסטן און שוועריקייטן, פירט זי אַ שווערן קאמף פאר איבערקומען עס.

דאָס גרעסטע פון די אלע שוועריקייטן זיינען די צענדליקער טויזנטער קינדער וועלכע קומען נאָך ישראל. גרויסע קענען ליידן, גרויסע קענען דורכקו־מען. אָבער קינדער ווען זיי ליידן, ליידן זייערע מאמעס און פאָטערס נאָך פיל מער. ווען עס ליידן קינדער, ליידט די גאנצע וועלט.

אזוי ווי עס ציטערט איבערן גורל פון קינד אַ אידישע מאמע, ציטערט קיין אנדער מאמע.

און ווי אַ בולטער באווייז קען דינען דערצו די ארבעט פון דער ניי־שטוב ביי דער וויצאָ אין קובא.

נאָר ציטערנדיק פאר דעם גורל פון קינד אין ישראל האָבן געקענט די פרויען אין קובא אויספּארטיקן אזא טראנספּאָרט זאכן.

און ווען דער טראנספּאָרט איז געווען אויסגעשטעלט אין בית־עם און די פרויען פון וויצאָ זיינען געזעסן אויף זייער צוזאמענקונפט צום אָפּשלוס פון דער ארבעט פון דער ניי־שטוב, האָב איך פאר מיינע אויגן געזען פיל קינדער, מיי־דעלעך און אינגעלעך, גרעסערע און קלענערע, מיט שווארצע, בלויע, און אנדערע

קאַלירן אויגעלעך, אויף וועמעס גופימלעך עס וועלן זיין אָנגעטאָן די אויסגע־פּאַרטיקטע זאַכן. און אַזוי וועט דאָך דאָס טאַקע זיין...

ווי שרייבט פרוי טערנער אין איר אַרטיקל „פון בראשית צו אַ סיום און פון אַ סיום צו בראשית“:

„מיר ווילן אַז אַלע פרויען זאָלן עס געדיינקען, אַז אויך הײ־יאָר האָבן מיר געמאכט אַ „סיום עבודה“. מיר האָבן אָפּגעענדיקט אַ ארבעט, אויף אָנצוהויבן—גאָר גיך—נאָכאמאָל און טאַקע פון סאַמע בראשית אָן“.

דערווייל אַ גוטן אָפּרו אייך אַלעמען און געשטאַרקט זאָלן זיין אייערע הענט!

14 יולי 1951

# דער קובאנער קאָמיטעט פאַר די הויך שולן אין

# מדינת ישראל

דער אידישער פאָלק, דער עם הספר, זעט זיין רענעסאַנס באַוועגונג אין אומקער. צו זיין היים, נאָך ישראל, און פלעבנדיק דאָרט גלייכצייטיק די מקורות פון זיינע גייסטיקע ווערטן, פון זיין אור אור אַלטער קולטור און גייסטיקן לעבן.

די נביאים האָבן בעת ישראל איז געווען צעשטויבט און אונטערדריקט, פאַראויסגעזאָגט דעם רענעסאַנס פון אַלטן פאָלק ישראל, דורך אויפלעבן זיינע טעמפלען פון הייליקייט, פון גייסט און קולטור. ווייל אָן דעם פארלירט ישראל זיין מהות, זיין טיפן אינהאַלט, און דאַן איז ניטאָ שוין דער נצח ישראל לא ישקר.

שפּעטער קומט די מאָדערנע באַוועגונג פון צוריק אויפלעבן ישראל דורך ציוניזם, דורך חלוציזם, און דורך זיי ווערן זיך דורך ווי רויטע שנורן די שטרעבונגען צום גייסט, צום רענעסאַנס. די שטרעבונג פון אחד העם צו שאַפן אַ גייסטיקן צענטער — מרכז רוחני — אין ישראל איז ניט קיין צופעליקע אידייע. אחד העם שטעלט זיך נאָר בלויז אָפּ אויף מרכז רוחני, בעת אנדערע זעען ברייטערע פּראָגראַמען פון ווירטשאַפטלעכן, עקאָנאָמישן איבערבוי פון פאָלק, פון קבוץ גלויות, אָבער אויך דעם מרכז רוחני אלס צענטער. גאָרדאָניזם, אחד העמיזם, חלוציזם, ציוניזם, דאָס איז די שטרעבונג צום אויפבוי פון פאָלק ישראל און צום מאָדערנעם והיה באחרית הימים נכון והיה הר בית ד׳ ונהרו אליו כל הגוים...

איך וויל ניט גרייכן מיט מיינע מחשבות, ווי ווייט דער ונהרו אליו כל הגוים וועט פאַרווירקלעכט ווערן. זאָגן די פעלקער פון דער וועלט, אַז זיי האָבן אייגענע גרויסע קולטורן, גייסט טעמפּלען א. א. וו. אָבער אַז ישראל וועט פאַרן אידישן פאָלק זיין דער גייסטיקער טעמפּל, אין דעם איז קיין צווייפל. אַז ישראל וועט זיין פאַר אירע שכנותדיקע לענדער דער טעמפּל פון גייסט, אין דעם איז קיין צווייפל. און געווים וועלן זיין גייסטיקע ווערטן, וועלכע די וועלט וועט באַוואונדערן. שוין מיט דעם אליין, וואָס אונדזער לאַנד איז דאָס וויגעלע און געבורטס-פּלאַץ פון אלע רעליגיעס, שוין מיט דעם אליין וואָס ירושלים איז אונדזער הויפּט־שטאָט, מאַכט עס אונדז פאַראַנטוואָרטלעך צו זיין דאָס לאַנד פון גייסט און קולטור.

ווי זעען אויס אונדזערע דערגרייכונגען אין ישראל, אויף די געביטן? אויב מען וויל קען מען זאָגן, אַז די גאַנצע דערגרייכונג פון ישראל, איז איין גייסטיקע גרויסע רעוואָלוציע אין 2 טויזנט יאָריקן גלות לעבן פון אידישן פאָלק. אָן גייסטיקער אידייע און נבואה וויזיע פון גאולה, באַפליגלט מיט די שטרעבונגען פון פאָלק ישראל נאָך אויסלייזונג, וואָלט ניט געקענט דערגרייכט ווערן דאָס גרויסע מוסטער ווערק וואָס הייסט ישראל.

גאַנץ ישראל קען מען זאָגן, איז איין שטיק גייסט. אָבער די קאָנקרעטע אויפטוען פאר גייסטיקע ווערטן זיינען אין לאַנד באַדייטנפול: דער אוניווער־זיטעט אויפן הר הצופים, דער טעכניקום אין חיפה, צענדליקער מיטל שולן, הונדערטער אלגעמיינע שולן, הונדערטער קינדער גאָרטנס, צענדליקער טעגלעכע פרעסע אָרגאַנען, הונדערטער וועכנטלעכע, חודשדיקע און פעריאָדישע אויס־גאַבעס (און פון וואָס פאַרא קוואַליטעט!) נאַציאָנאַלע טעאַטערן ווי הבימה האהל, מטאטא און אנדערע, כאָרן, דראַם. סעקציעס א א. וו. אין די קיבוצים זיינען טעטיק קולטור אָפּטיילונגען און עס גייט אָן אַ שטאַרקער קולטורעלער לעבן.

וואו האָט אַ לאַנד באַוויזן צו שאַפן אין געציילטע צענדליק יאָר אַזאַ גרויסע ריזן ווערק, אַ ריזן בנין וועלכער נעמט ארום אלע שאַפונגען און אָפּ־צווייגונגען פון אַ מאָדערנעם קולטורעלן לעבן, מיט אַ סטאַנדאַרט פון הויכן קוואַליטעט פאַר עקאָנאָמישע, נאַציאָנאַלע, קולטורעלע און גייסטיקע באַדער־פענישן?

ווען ישראל אַלס יונג אויפגעקומענע מלוכה, וויל פאַרנעמען׳ איר בכבודיקן פּלאַץ צווישן די וועלט פעלקער, דאַרף זי עס טאָן דורך קריגן איר אָנערקענונג דורך דער וועלט אַלס אַ לאַנד פון גייסט און קולטור און זי איז עס, בלייבט בלויז צו זוכן די דערנענטערונג פון אירע גייסטיקע ווערטן און קולטורעלע כוחות, מיט די גייסטיקע און קולטורעלע כוחות פון דער וועלט.

איז דעריבער פון גרויס באַדייטונג די אָרגאַניזירונג פון קובאַנער אָר־אַי־טע, קאָמיטעט פאַר די הויך שולן אין ישראל, וועלכער איז אָרגאַניזירט געוואָרן בעת דעם באַזוך פון דר. סאַלאָמאָן טאָקער אין קובאַ. דער ציל פון קאָמיטעט איז שאַפן די דערנענטערונג צווישן די וויסנשאַפטלעכע קרייזן פון ישראל און קובאַ.

אין קאָמיטעט גייען אריין אַ ריי אינטעלעקטועלע פּערזאָנען פון דער אי־דישער קאָלאָניע און קובאַנער פּאָלק. צווישן אנדערע געהערן צום קאָמיטעט, דר. קלעמענטע אינקלאַן, רעקטאָר פון דער נאַציאָנאַלער אוניווערזיטעט, דר. ראָ־בערטאָ אַגראַמאָנטע, וויצע רעקטאָר פון האַוואַנער אוניווערזיטעט און דירעק־טאָר פון אינפאָרמאַציע דעפּאַרטאַמענט און קולטור לייטונגען ביים אוניווער־זיטעט. אַלס וואָקאַלן דר. פּראַנציסקאָ דע לאַ קאַררערא, דר. מאַנועל גראַן, דר. ניקאָלאַס פּוענטע דואַני, דר. זשאַנכעל פּערעז אנדרע און דר. ראַאול ראָאַ, דירעק־טאָר פון קולטור דעפּאַרטאַמענט ביי דעם בילדונגס מיניסטעריום.

דער קאָמיטעט האָט זיין אָפּיס אין ציוניסטישן בית עם.

די ציוניסטישע פאַריייניקונג דאַרף שיינקען איר גרעסטע אויפמערקזאַמ־קייט דער נייער אינסטיטוציע, ווי איינע פון אירע וויכטיקסטע אָפּצווייגונגען פון ארבעט, וואָס גייען אריין אין די קאָמפּעטענצן פון איר פּאָליטישער און קולטורעלער ארבעט.

10 יוני 1950

# די ציוניסטישע ראַדיאָ - שעה

א וויכטיקער צווייג אין דער קולטור אַרבעט פון דער ציוניסטישער פאַ־ריייניקונג אין קובא איז די ציוניסטישע ראַדיאָ שעה וועלכע ווערט טראנסמי־טירט יעדן טאָג אויף די כוואַליעס פון 660 קילאָסיקלאָס, אויף דער ראַדיאָ־סטאַנציע „גארסיאַ סערראַ" פון 12.30 מיטאָק צייט.

פאר דער צייט וואָס די ראַדיאָ שעה עקזיסטירט האָט זי שוין איבערגע־טראָגן צו די הונדערטער און הונדערטער צוהערער פארשיידענע וויכטיקע ניי־עסן פון ישראל לעבן, פון אידישן לעבן פון גאַר דער וועלט, פון אידישן גע־זעלשאפטלעכן לעבן אין קובא און ספּעציעל פון דעם וואָס עס טוט זיך אין דער ציוניסטישער מחנה אין קובא.

דורך דער ראַדיאָ שעיה זיינען איבערגעגעבן געוואָרן פיל אַרויס־טריטן פון ציוניסטישע און אַלגעמיינע אָנפירנדע פּערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן באזוכט האוואנא אין וויכטיקע שליחותן און אָנגעלעגנהייטן.

עס זיינען אויפגעטראָטן ביי פיל געלעגנהייטן ציוניסטישע עסקנים פון האוואנא. עס זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן ראַדיאָ מיטינגען, וועלכע האָבן אָפּגעצייכנט היסטאָרישע דאטעס אין לעבן פון אידישן פאָלק.

עס זיינען געמאכט געוואָרן פּרואוון פון איינאָרדענען ארויסטריטן פון קול־טורעלע ארטיסטישע כוחות פון אידישן ישוב. אויך די שול קינדער פון דער אויטאָנאָמער אידישער שולע זיינען אייניקע מאָל אויפגעטראָטן אויף דער ציו־ניסטישער ראַדיאָ שעה און גאַנץ געלונגען.

100 יאָר קובאנער פּאַן איז אָפּגעצייכנט געוואָרן מיט אַ ספּעציעלן מיטינג אויף דער ראַדיאָ שעה, מיט אַ רייך צוגעפּאסטן פּראָגראַם.

לעצטנס האָט די ראַדיאָ שעה געהאָט דעם כבוד צו האָבן א רייע אויפטריטן פון ספּעציעלע געסט פון אונזער ישוב.

דער שליח צום ישראל קאַמפּיין דר. גור אריה טערלאָ איז אויפגעטראָטן אייניקע מאָל; די שליחה פון ישראל צענטראַלע פון „וויצאָ" דרא. דינה ווערט, דער שליח צום דריטן סדר פון דער הסתדרות דר. יוסף בורשטיין און פּראָפעסאָר פון העברייאישן אוניווערזיטעט דר. פעדעריקאָ לאַכמאַן.

דריי יאָר מדינת ישראל איז אָפּגעצייכנט געוואָרן מיט אַ ספּעציעלן ראַדיאָ מיטינג, דאָנערשטיק דעם 10-טן מאַי.

איך האָב דאָ אין קורצן אויסגערעכנט די אַרבעטן וועלכע ווערן אָפּגעטאָן דורך דער ציוניסטישער ראַדיאָ שעה. עס ווילט זיך אָפּשטעלן אויף דעם וואָס דאַרף נאָך געטאָן ווערן און אָרגאַניזירט ווערן.

פאַרשטייט זיך, אז קודם כל, איז פון דער גרעסטער נויטווענדיקייט אז די ראַדיאָ שעה זאָל איבערגעגעבן ווערן אויף אַזא ראַדיאָ סטאַנציע, וועלכע וואָלט



ראַדיאָ־מיטינג אויף דער ציוניסטישער ראַדיאָ־שעה מיט דער באַטייליקונג פון כאַסע פיגערעס (זיצנדיק פערטער פון רעכטס) עקס פרעזידענט פון קאָסטאַ־ריקאַ, וועלכער האָט איבערגעגעבן אַ באַגייסטערטן גרוס פון זיין באַזוך אין ישראל.

געקענט איבערטראָגן אירע ראדיאָ טראנסמיסיעס צום גאנצן קובאנער אידישן ישוב, ביז די ווייטסטע פארוואָרפנסטע ווינקעלעך וואו אן אידישע פאמיליע געפינט זיך. דאָס איז פארבונדן מיט פילע געלט אויסגאַבן און דאָס איז ניט קיין גרינגער פראָבלעם צום לייזן.

דער צווייטער מאָמענט איז צונויפשטעלן און אייגאָרדענען די פראָגראמען אזוי, אַז זיי זאָלן צוציען די ראדיאָ צוהערער פון אלע שיכטן פון אונזער ישוב.

עס דארף צוגעצויגן ווערן די יוגנט, וועלכע זאָל אויפטרעטן מיט פאר־שיידענע קולטורעלע און אַרטיסטישע פראָגראמען - און נאָך א ריי אנדערע אויסבעסערונגען.

23 מאי 1951

# ,,הונדערט יאָר קובאַנער פאָן"

(רעדע געהאַלטן פון מחבר אויף דער ראַדיאָ אויפֿ־ציע געווידמעט הונדערט יאָר קובאַנער פאָן. ביי דער געלעגנהייט איז ער באַלוינט געוואָרן מיט דעם מעדאַל ,,מעדאַיאַ קאָנמעמאָראַטיוואַ דעל סענטענאַריאָ דע לאַ באַנדעראַ דע קובאַ")

---

עס איז געוואָרן הונדערט יאָר קובאַנער פאָן און מיר שפּיגלען אָפּ די היסטאָרישע דאַטע אויף דער ציוניסטישער ראַדיאָ - שעה.

די פאָן סימבאָליזירט די איינייקייט, פרייקייט און שטאָלץ פון א פאָלק. די פאָן איז דער העכסטער סימבאָלישער אויסדרוק פון פאָלק, לאַנד און פרייהייט.

דריי שיינע קאָלירן באַצייכענען דער קובאַנער פאָן: ווייס, בלוי און רויט. ווייס איז דער קאָליר פון אומשולד, ריינקייט און שלום. בלוי, דער קאָליר פון הימל, וועלכער שפּרייט זיך אויס איבער אונדז, רויט דער קאָליר פון בלוט, דינאַמישקייט, קאַמף פאַר פרייהייט, אומאָפּהענגיקייט.

שיין איז די קובאַנער פאָן, ווי שיין עס איז איר פאָלק, איר לאַנד, איר שפּראַך, איר ראָמאַנטיק און עקזאָטיק.

וואונדערפול שטעלן זיך צונויף די קאָלירן פון קובאַנער פאָן, וועמעס קאָלירן עס זיינען אויך דאָ אויף אונדזער אידישער שטאָלצער פאָן.

ווייס און בלוי, איז די פאָן פון ישראל. די זעלבע קאָלירן זיינען אויך דאָ אויף דער קובאַנער פאָן. און אויב דער דריטער קאָליר פון רויט איז אויף דער אידישער פאָן ניטאָ, האָט דער אידישער פאָלק מיט זיין בלוט פאַר טויזנטער, טויזנטער יאָרן באַפאַרבט זיין פאָן, קעמפנדיק פאַר זיין פרייהייט.

אונדזערע פאָנען זיינען כמעט פון די זעלבע קאָלירן און אויך אונדזערע פרייהייטס קאַמפן זיינען ענליכע. די שיינע רעפּובליק קובאַ האָט מיט ניט לאַנג צוריק איר פרייהייט ערוואָרבן, אָבער איר פאָן האָט זי שוין געהאַט א סך פריער. אויך ישראל האָט ערשט ניט לאַנג צוריק איר פרייהייט ערוואָרבן, אָבער איר פאָן טראָגט זי שוין זייט טויזנטער יאָרן.

און פּונקט ווי דער קובאַנער פאָלק איז געגאַנגען אין קאַמף מיט זיין פאָן, אום זי זאָל קענען פריי פלאַטערן אויף איר קאַפּיטאָליאָ, אזוי איז ישראל גע־גאַנגען אין קאַמף, טראָגנדיק איר פאָן, אום זי זאָל קענען פריי פלאַטערן אויף איר קאַפּיטאָליאָ, וועלכע בויט זיך יעצט אין ירושלים.

ביידע פעלקער זיינען היינט פריי און די פעלקער וועלכע האָבן געקעמפט פאַר פרייהייט, קענען פרייהייט אָפּשאַצן. די פעלקער וועלכע האָבן פאַרזוכט דעם ביטערן טעם פון זיין אונטעריאָכט, איינייקט איין געמיינזאַמע פאַרשטענ־דיקונג:

און דאָס איז ליבע צום לאַנד, ליבע צו דער דערוואָרבענער פרייהייט.

1950



ראַדיאָ-מיטינג אויף דער ציוניסטישער ראַדיאָ־שעה געווידמעט דעם הונדערט יאָריקן יובל פון דער קובאַנער פאָן.

# וואַרעמע און ליכטיקע היימען

(,,שכונת קובה" — אויפגעשטעלט מיט דער מיטהילף פון קובאנער אידנטום)

---

פאר די געלטער פון ישראל קאמפיין 1949, בראש פון וועלכן עס איז געשטאנען הער נחום ראָזענצווייג אַלס פרעזידענט, מאַנאָלאָ ראָזענבערג קאַסיר און יעקב סעגאַל סעקרעטאר, איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין ישראל די ,,שכונת קובה".

היימלאָזיקייט איז די ערגסטע קללה פון גאָט. ווען גאָט פלעגט אמאָל וועלן שטראָפן זיין פאָלק ישראל, פלעגט ער זיי פארטרייבן פון זייערע היימען — אזוי ווערט דערציילט אין דער תורה.

אָנוועלן א היים, הייסט זיין אויסגעשטעלט אויף וואנדערונגען. דאָס אידישע פאָלק פאר זיין 2.000 יאָריקן גלות לעבן איז געווען אָפּגעריסן פון היים אַלס פאָטערלאנד. די נאצישע וואנדאלן האָבן דעם גרעסטן טייל פון אידישן פאָלק אָפּגעריסן אָבער אויך פון היים — אַלס דאַך איבערן קאָפּ.

זייט דאָן זיינען די רעשט לעבן געבליבענע טיילן פון אידישן פאָלק, די אזוי גערופענע שארית הפליטה געווען אָפּגעריסן פון היים — אַלס פאָטערלאנד און פון היים אַלס דאַך איבערן קאָפּ.

וואנדערונגען און וואנדלונגען האָבן זיך אָנגעהויבן פאר דער שארית הפליטה. וואנדערונגען און וואנדלונגען האָבן זיך אָנגעהויבן פאר די טיילן אידן וועלכע האָבן אויסגעוואנדערט פון אייראָפּע, פון תימן, איראַק, מאראָקאָ, טוניס, אַלזשיר, טריפּאָליטאניע און אנדערע פּלעצער. די וואנדערנדיקע שטראָמע האָבן געלעכצט נאָך היים אַלס פאָטערלאנד און היים אַלס דאַך איבערן קאָפּ.

שטום איז געווען די וועלט צו זייערע ליידן. די וועלט האָט זיך אפילו שטארק ניט אומגעקוקט אויף זיי — אויף אונדז. פארטאָן איז געווען די וועלט צו פיל אין אירע אייגענע פּראָבלעמען. די נויט און ליידן פון די אויסגעוואָרצלטע מאסן אידן, האָבן אָבער געשאַפן דעם רעוואָלטירנדן גייסט און עס איז אָנגעהויבן געוואָרן דער ענטגילטיקער קאַמף פאר אויפשטעלן די פארלאָרענע היים — פאָטערלאנד.

דורך קאמפן איז אויפגעשטעלט געוואָרן די פרייהייט פון פאָלק ישראל; איז דערוואָרבן געוואָרן די פאר 2.000 יאָר פארלאָרענע היים — פאָטערלאנד. און עס קערן זיך אום א היים די געפּלאָגטע, גערודפטע און אויסגעוואָרצלטע לעבן געבליבענע אידישע מאסן פון אלע טיילן וועלט.

שיפן און עראָפּלאנען, איבער לופט און איבער ימען, ברייגנען דעם קיבוץ גלויות א היים צום פאָטערלאנד.

אָבער אין דער היים — פאָטערלאנד, מוז מען האָבן נאָך א היים פון א

דאַך איבערן קאָפּ. און די היים — דאַך איבערן קאָפּ, קען ניט אויסגעקעמפּט ווערן מיט שווערד און בלוט. די היימען מוזן געבויט ווערן מיט אַרבעט, מיט געלט מיטלען, מיט בוי מאַטעריאַלן און מיט צייט.

זיצן נאָך דערווייל צענדליקער טויזנטער אין צייטווייליקע לאַגערן און צעלטן, די אַזוי פיל געליטענע און געפּלאָגטע, קריגן ניט גלייך זייער היים-דאַך איבערן קאָפּ אין זייער היים — פּאַטערלאַנד.

ווייל עס קען ניט באַווייזן די יונגע מדינה צו געבן זאָפאָרט היימען צו די נייע עולים.

מאָביליזירן זיך די אידן פון גאָר דער וועלט פאַר אַרויסהעלפן מדינת ישראל אין אירע גרויסע אונטערנעמונגען.

קומט דער רוף פון ישראל צו עם ישראל: אייניקט זיך און מאָביליזירט זיך פאַר קיבוץ גלויות. פאַר געבן זיי היימען — אַ דאַך איבערן קאָפּ די אַזוי פיל געליטענע ברידער און שוועסטער.

דערגרייכט דער רוף צו די אידן פון אַלע ווינקעלעך פון גאָר דער וועלט און געוויס צו די וואַרעמע הערצער פון קובאַנער אידן.

קובאַנער אידן, וועלכע האָבן אַלעמאָל מיט כבוד און ווירדע דערפילט זייע־




אין דער דערעפענונגס צערעמאָניע פון דער ניי אויסגעבויטער שכונה אין רחובות אויפן נאָמען פון קובאַנער אידנטום האָבן זיך באַטייליקט, פון לינקס אויף רעכטס: י. גולנר — המגבית המאוחדת המרכזית; ב. צ. הורביץ — בירגערמייסטער פון רחובות; דר. ג. איטרצו, ש. אפשטיין — עמידר; פרוי הרמן — קרן היסוד; מ. אוסוסקין, י. גוברניק — ממונה על המחוזות, וגמיסטר — עמידר און דער הר״ח משה פינץ פון האַוואַנאַ, וועלכער איז צופעליק געווען אַלס גאַסט אין דער שכונה.

רע פליכטן צום ישראל אויפבוי, האָבן אין אָנבליק פון דער דאַכלאָזיקייט פון די נייע עמיגראַנטן, אויפגעבויט פאַר די געלטער פון קאַמפּיין 1949, 60 הייזער אין ישראל, אין רחובות, וואו עס וואוינט דער ערשטער פרעזידענט פון ישראל.

האָט קובאַנער אידנטום איינגעשלאָסן נאָך אַ פעסטן רינג אין די גרויסע איבערגעגעבענע אַקטיוויטעטן פאַר ישראל. גרויסן זיך געוויס קליין און גרויס פון קובאַנער אידן אויף זייערע שיינע מעשים.

דאַרפן עלטערן דערציילן זייערע קינדער וועגן דער גרויסער געשעעניש. דאַרפן לערער אין די שולן איבערגעבן צו די אידישע קינדער וועגן דעם שיינעם אויפטו פון זייערע עלטערן.

דאַרפן אידישע שרייבער פון קובאַ באַשרייבן דעם שיינעם אויפטו און קובאַנער אידישע דיכטער דאַרפן עס באַזינגען אין ליד.

זאָלן שטאָלץ זיין קובאַנער אידן אויף זייער אויפטו, אָבער גלייכצייטיק מאַכן אַ חשבון הנפש וועגן דעם וואָס האָבן זיי נאָך ניט געטאָן פאַר ישראל. די נויטן פון אונדזער מדינה זיינען נאָך גרויס און במילא זיינען גרויס די פליכטן פון פאָלק ישראל.

זאָל־זשע זיך צעמענטירן דער קובאַנער אידנטום אין אַ געאייניקטן פראָנט פאַר שטאַרק מאַכן, באַפעסטיקן און צו רום דערפירן מדינת ישראל.

זאָל זיך קובאַנער אידנטום אייניקן פאַר גרויסע הילף צו ישראל, וועלכע קעמפט: פאַר קיבוץ גלויות, צונויפזאַמלען די אידן פון גאַר דער וועלט און איינוואָרצלען זיי, פאַר שאַפן אַ גרויסע מעכטיקע ישראל אַרמיי, צו פאַרטיידיקן אירע גרענעצן און דעם שלום פון אירע בירגער; פאַר באַוואַכן דעם כבוד פון אידישן פאָלק פון גאַר דער וועלט; פאַר דער צוקונפט פון אונדזערע קינדער!

(1950)

## „קרן היסוד" ישראל קאמפיינען און ישראל באָנד הלואה אין בילדער



### רעוויזיאָנס קאָמיסיע רעווידירט ישראל קאַמפּיין 1949

עס זיצן פון רעכטס אויף לינקס: מאַנאָלאָ ראָזענבערג קאַסיר, גרשון מינקאָוויטש עקזעקוטיוו דירעקטאָר, יוסף לוריע פאָרזיצנדער פון דער רעוויזיאָנס קאָמיסיע, נחום ראָזענצווייג פּרעזידענט פון ישראל קאַמפּיין, יוסף באַסעוויטש וויצע פאָר-זיצנדער, זיגמונט וויים ספּעץ בוכהאַלטער, פרוי פרידאַ אַרבער סעקרעטאַרין.

# רעוויזיאָנס קאָמיסיע רעווידירט ישראל קאַמפּיין 1950-1951



עס זיצן פון רעכטס צו לינקס: כאקאָבאָ בייקאָוויטש, פאָרשטייער פון דער ציוניסטישער פאַרייניקונג; פרוי פרידא אַרבער, פאָרזיצנדערין פון רעוויזיאָנס קאָמיסיע; ברוך בענעס, וויצע פאָרזיצנדער פון רעוויזיאָנס קאָמיסיע; פרוי דאָרא בענעס, פאָרשטייערין פון „וויצאָ"; שטייענדיק: גרשון מינקאָוויטש, עקזעקוטיוו דירעקטאָר פון ישראל קאמפּיין; איסאַק בערעזדיווין, פּרעזידענט פון ישראל קאמפּיין; מאַקס שווארץ, קאַסירער פון ישראל קאמפּיין און פאָר־שטייער פון פּאַטראָנאַט פאר דער נייער געביידע; יעקב סעגאַל, וויצע פאָרזיצנ־דער פון ישראל קאמפּיין; יוסף בלומענקראַנץ, פאָרשטייער פון דער ליגע פאָר דער הסתדרות; סאלאָמאָן לעווים, ספּעץ בוכהאלטער פון דער רעוויזיאָנס קאָמיסיע.

# רעוויזיאָנס קאָמיסיע רעווידירט ישראל קאַמפּיין 1952



עס זיצן פון רעכטס אויף לינקס: משה לעווין פינאנס סעקרעטאר, סאלאמאָן לעווים ספּעז בוכהאלטער, יוסף לוריע פּאָרזיצנדער פון דער רעוויזיאָנס קאָמיסיע, מאנאָלאָ ראָזענבערג קאסיר, סימאָן ביגעלמאַן וויצע פּאָרזיצנדער, ישראל לוסקי פּרעזידענט פון ישראל קאמפּיין, גרשון מינקאָוויטש עקזעקוטיוו דירעקטאָר.

## פראָקלאמירונג פון ישראל באָנד הלואה אין קובאַ



אין טעאטער אוידיטאָריום מיט דער באטייליקונג פון אַמבאסאדאָר

מישה טוב און מירון ישעסקין פאָרשטייער פון ישראל באָנד הלואה.

איז פּראָקלאמירט געוואָרן דער באָנד דרייוו אין קובאַ, דעם 11־טן אָקט. 1951.

# Proclamation of Israel Independence

**Issued at Tel Aviv on May 14, 1948 (5th of Iyar, 5708)**

The Land of Israel was the birthplace of the Jewish people. Here their spiritual, religious and national identity was formed. Here they achieved independence and created a culture of national and universal significance. Here they wrote and gave the Bible to the world.

Exiled from Palestine, the Jewish people remained faithful to it in all the countries of their dispersion, never ceasing to pray and hope for their return and the restoration of their national freedom.

Impelled by this historic association, Jews strove throughout the centuries to go back to the land of their fathers and regain their statehood. In recent decades they returned in masses. They reclaimed the wilderness, revived their language, built cities and villages and established a vigorous and ever-growing community with its own economic and cultural life. They sought peace yet were ever prepared to defend themselves. They brought the blessing of progress to all inhabitants of the country.

In the year 1897 the First Zionist Congress, inspired by Theodor Herzl's vision of the Jewish State, proclaimed the right of the Jewish people to national revival in their own country.

This right was acknowledged by the Balfour Declaration of November 2, 1917, and re-affirmed by the Mandate of the League of Nations, which gave explicit international recognition to the historic connection of the Jewish people with Palestine and their right to reconstitute their National Home.

The Nazi holocaust, which engulfed millions of Jews in Europe, proved anew the urgency of the re-establishment of the Jewish State, which would solve the problem of Jewish homelessness by opening the gates to all Jews and lifting the Jewish people to equality in the family of nations.

The survivors of the European catastrophe, as well as Jews from other lands, proclaiming their right to a life of dignity, freedom and labor, and undeterred by hazards, hardships and obstacles, have tried unceasingly to enter Palestine.

In the Second World War the Jewish people in Palestine made a full contribution in the struggle of the freedom-loving nations against the Nazi evil. The sacrifices of their soldiers and the efforts of their workers gained them title to rank with the peoples who founded the United Nations.

On November 29, 1947, the General Assembly of the United Nations adopted a Resolution for the establishment of an independent Jewish State in Palestine, and called upon the inhabitants of the country to take such steps as may be necessary on their part to put the plan into effect.

This recognition by the United Nations of the right of the Jewish people to establish their independent State may not be revoked. It is, moreover, the self-evident right of the Jewish people to be a nation, as all other nations, in its own sovereign State.

ACCORDINGLY, WE, the members of the National Council, representing the Jewish people in Palestine and the Zionist movement of the world, met together in solemn assembly today, the day of termination of the British Mandate for Palestine, by virtue of the natural and historic right of the Jewish people and of the Resolution of the General Assembly of the United Nations,

HEREBY PROCLAIM the establishment of the Jewish State in Palestine, to be called ISRAEL.

WE HEREBY DECLARE that as from the termination of the Mandate at midnight, this night of the 14th to 15th May, 1948, and until the setting up of the duly elected bodies of the State in accordance with a Constitution, to be drawn up by the Constituent Assembly not later than the first day of October, 1948, the present National Council shall act as the provisional administration, shall constitute the Provisional Government of the State of Israel.

THE STATE OF ISRAEL will be open to the immigration of Jews from all countries of their dispersion; will promote the development of the country for the benefit of all its inhabitants; will be based on the precepts of liberty, justice and peace taught by the Hebrew Prophets; will uphold the full social and political equality of all its citizens, without distinction of race, creed or sex; will guarantee full freedom of conscience, worship, education and culture; will safeguard the sanctity and inviolability of the shrines and Holy Places of all religions; and will dedicate itself to the principles of the Charter of the United Nations.

THE STATE OF ISRAEL will be ready to cooperate with the organs and representatives of the United Nations in the implementation of the Resolution of the Assembly of November 29, 1947, and will take steps to bring about the Economic Union over the whole of Palestine.

We appeal to the United Nations to assist the Jewish people in the building of its State and to admit Israel into the family of nations.

In the midst of wanton aggression, we yet call upon the Arab inhabitants of the State of Israel to return to the ways of peace and play their part in the development of the State, with full and equal citizenship and due representation in all its bodies and institutions, provisional or permanent.

We offer peace and amity to all the neighboring states and their peoples, and invite them to cooperate with the independent Jewish nation for the common good of all.

Our call goes out to the Jewish people all over the world to rally to our side in the task of immigration and development and to stand by us in the great struggle for the fulfillment of the dream of generations—the redemption of Israel.

With trust in Almighty God, we set our hand to this Declaration, at this Session of the Provisional State Council, in the city of Tel Aviv, on this Sabbath eve, the fifth of Iyar, 5708, the fourteenth day of May, 1948.

בארץ־ישראל [illegible]

[illegible]

ה׳ אייר תש״ח, 14 במאי 1948

טעקסט פון דעקלאראציע פארעפנטלעכט דורך דער צייטווייליקער רעגירונג
אין ישראל, ווען דער פּראָקלאמירונג פון אידנשטאט.

# Proclamation of Independence

## State of Israel

**5th of Iyar, 5708 — May 14, 1948**

די אונטערשריפטן פון די פאָרשטייער פון דער צייטווייליקער רעגירונג
אין ישראל אויף דער אומאָפהענגיקייטס דעקלאראציע פון אידנשטאַט.

# אינהאַלט:

